# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פאליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש זשורנאל

№ 5-6

מינסק

# אינהאַלט

פּראָלעטאַריער פֿון אַלע לענדער, פֿאַראייניקט זיך!

# שטערן

ליטעראַריש־קינסטלערישער און פּאָליטיש־
וויסנשאַפֿטלעכער כוידעש־זשורנאַל.

№ 5—6. פֿינפֿטער יאָרגאַנג. מינסק, מאַי־יון, 1929.

## צו דעם פּריצייטיקן טויט פֿון אונדזער טייערן כאַווער און דיכטער י. גאָלדמאַן.



דער פֿאַריקער נומער „שטערן" איז אַרויס פֿון דרוק, ווען עס איז אָנגעקומען די דערשיטערנדיקע ידיע, אַז דער יונגער קאָמפּסלוסטיקער יאַשקע גאָלדמאַן איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד...

עס איז אַ פֿאַרלוסט פֿאַר דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי—יאַשע גאָלדמאַן איז געווען אַ קאָמוניסט, האָט דורכגעמאַכט אַ קאָמיוגישע שול, דעם פּוילישן אינטערערד, האָט געפֿירט אַ גרויסע פּאַרטייִשע און געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט, איז געווען באַליבט בײַ די אַרבעטער פֿון דער אונטערנעמונג, וועלכע ער האָט פֿאַרלאָזן בלויז מיט אַ יאָר צוריק, ווען ער איז אַוועק אַף שטענדיקער אַרבעט אין רעדאַקציע „אָקטיאַבר"...

עס איז גאָר אַ גרויסער פֿאַרלוסט, אַ שווערע אָווײַדע פֿאַר אונדזער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, באַזונדערס—פֿאַר דער ייִדישער ליטעראַטור—פֿון ווײַסרוסלאַנד. גאָלדמאַנס פֿריידן און ווייטיקן זײַנען געווען געבונדן מיט די פֿריידן און ווייען פֿונם אַרבעטער־קלאַס. גאָלדמאַן איז געווען פֿון די דיכטער, וואָס פֿילן און טראַכטן באַגלײַך: זײַן ליד האָט שטענדיק קינסטלעריש טראַקטירט אַן אידייע, אַ סאָציאַלע פּראָבלעם—אַפֿילע דאַן, ווען דאָס ליד איז געווען אומיטלבאַר־ליריש. דעריקער האָט זיך די דאָזיקע דיכטערישע ליניע העל אַנטפּלעקט אין גאָלדמאַנס ליד פֿאַר דער לעצטער צײַט. און אַזעלכע יונגע דיכטער האָבן מיר נאָך דערווײַל ווייניק—גאָלדמאַנס אַוועקגיין וועט זיך דעריבער באַזונדערס פֿילן.

עס איז גאָר אַ גרויסער פֿאַרלוסט, ווײַל גאָלדמאַנס טאַלאַנט האָט זיך פֿאַר דער לעצטער צײַט געשטאַרקט—דאָס איז קענטיק אין די לעצטע לידער און אין זײַנע פֿאַרבליבענע נאָטיצן. פֿאַרטיפֿט און פֿאַרפֿולקאָמט איז געוואָרן דאָס וואָרט און די אידייע אין זײַנע ווערק. גאָלדמאַן האָט שוין אָנגעהויבן אַ גרעסערע זאַך—אַ פּאָעמע: אָבער דער גרויזאַמער טויט האָט דאָס אַלץ איבערגעריסן...

אין זײַן בריוו צו כאַווערים האָט יאַשע גאָלדמאַן געבעטן אים ניט פֿאַרורטיילן, ער האָט אונדז געפּרוּווט איבערצײַגן אין דער נייטווענדיקײַט פֿון דעם דאָזיקן טאַט. ער האָט ביז דער לעצטער צײַט ניט פֿאַרגעסן אַן זײַן שליכעס, און ווײַל ער האָט זיך ניט געקענט זען אין דער ראָל פֿון אַ קרעפֿטיקן סאָציאַליסטישן בויער, האָט ער געפֿונען פֿאַר נויטיק אָפּטרעטן. מיר פֿאַרשטייען אים, כאָטש מיר קענען ניט באַרעכטיקן זײַן וועג: אַ קעמפֿער שטייט אָפֿן פּאָסטן ביזן לעצטן מאָמענט... נאָר מיר פֿאַרשטייען אים און ווילן אים בעשומאויפֿן ניט שטעלן אין איין צעטל מיט די, וואָס באַגייען זעלבסטמאָרד צוליב פֿאַרליבטקײַט אין זיך, צוליב איבערגעזעטיקטקײַט.

יאַשע גאָלדמאַנס לעבנס־וועג איז געווען אַ קעמפֿערישער הערלעכער און אויפֿריכטיקער. זײַן אומגעשטערלעכער פּריצײַטיקער טויט דאַרף דינען אַלס אַליאַמירנדיקער סיגנאַל. מוט און דערהויבנקײַט, זיכערקײַט אין זיך—דאָס זאָל זײַן דער פּאַן, אַף וועלכן עס וואַקסן אויס די שטימונגען פֿון אונדזערע פּראָלעטאַרישע דיכטער.

י. גאָלדמאַן.

# כאוועך רויטאַרמייער.

(פֿון דער פּאָעמע „פֿון וואַרשע—ביזראַנען”).

איך בין געבוירן ניט אין היגן לאַנד,
אַן אַנדער ערד האָט מיך גענערט, געזויגן
און פֿרי אַריינגעפֿירט אין שפּאַן
פֿון ברויט, פֿון נויט, פֿון דאַיגעס.

און ברעכנדיק זיך אונטער שווערער לאַסט,
האָב איך געקענט אַף שטענדיק פֿאַלן
אין שטויב, אַף רויב דער העפֿקערדיקער גאַס,
אין וויסטע נעכט אַף וואַרשעווער וואָקזאַלן.

און איינמאָל פֿון דער הויך פֿון פּראַגער בריק
(די לעוואָנע איז געווען אַזאַ ווייסע),
וואָס איז דען ניט אַלציינס—אַ שלייף, אַ שטריק,
צי שוימענדיקע טיף פֿון ווייסל.

נאָר אַן אַנדער אומזין האָט באַהערשט מיין זין,
אַ נאָענטע האַנט האָט שטרענג באַפֿוילן,
בין איך אַוועק מיט אַלע דרייסטע זין,
מיט אומרויקע זין פֿון פוילן.

פֿון וואַרשטאַט צו פֿאַבריק, פֿון גאַס צו גאַס,
פֿון שטאָק צו שטאָק, פֿון פלאַץ צו פלאַץ צו
האָב איך געטראָגן ס'פֿייערדיקע האַרץ,
ווי אַ פֿאַרווערטע פּראָקלאַמאַציע.

אין נעכט, ווען שטערן פֿלעגן זיך צעשיטן,
ווי שריפֿט פֿון אומלעגאַלע דרוקעריען,
און זעלטן פֿלעגט שוין ווערן רעלסן-ציטער
פֿון שפּעטע, האַלבערנאַכטיקע טראַמוואַיען.

פֿלעג איך דערהערן דאָס פֿאַרשטיקט געזאַנג
פֿון נאָענטע כווישעכדיקע ציטאַדעלן,—
כאָטש נעם און שלאָג זיך קאָפּ אָן וואַנט,
צעשפּריץ מיט מאַרך דעם עלנט.

ס׳איז הײַנט דאָ אויך אַ שטערנדיקע נאַכט,
נאָר שטערן שײַנען דאָ גאָר אַנדערש,
כאָטש, דוכט זיך וואָס, דער זעלבער שליאַך,
ווי אין מײַן היים איז ער דאָ גרוי און זאַמדיק.

דאָ וואַקסן סאָסנעס אויך אַזוי ווי דאָרט —
שלאַנקע, קיפּערדיקע, הויכע,
נאָר ס׳האָט אַ נײַ און ליכטיק וואָרט
מיט אַזאַ צערטלעכקײַט דאָס האַרץ באַהויכט מיר.

איך האָב צום ערשטן מאָל הײַנט ראַפּאָרטירט
פאַר שטרענגע ברידערישע רייען—
איך האָב געזאָגט אים: כאַווער קאָמאַנדיר,
און ער מיר: כאַווער רויטאַרמייער.

עס איז דערפון ביז איצטער מײַן געמיט
פונקט ווי פון ווײַן פון קרעפטיקן פאַרשיקערט.
און ווײַל לעוואָנעדיקער האַלבער שניט
קוקט, ווי אין יענער נאַכט אַף פּראַגער בריק דאָרט,

איז מיר דאָס בליק שוין פול און איבערפול,
און שווענקט די ברעגן פונם האַרץ אַריבער...
נאָר קעדיי איך זאָל פון פרייד ניט ווערן דול,
האָב איך דאָס אין אַ ליד מיט בלוט פאַרשריבן.

## ד. האָפּשטיין.

* * *

א. כאַריקן געשענקט.

באַקענטע, גוט באַקענטע, ליבע בילדער
פון גרויסן היימלאַנד מײַנעם,
אַף בלוי פון הימל בוימער-שפּיצן מילדע
אַפן הימל פון אוקראַינע.

אַ שטילע שאָ פון רו אין גרינעם ווינקל
ניט ווײַט פון שטאָט פון קיעוו,
איז וואָס, אויב ס׳האָט אַמאָל אַ קליינינק יינגל
געלערנט פּאָסעק איעוו.

איז וואָס, איז וואָס, אַז ס׳האָט אַמאָל אַ דיכטער
געפונען ווײַטע גראַמען
און ביידע נעמען ווײַט-צעשיידטע אין געשיכטע
אַוועקגעשטעלט צוזאַמען?...

אַ צײַט! אַ צענדליק יאָר אין טאָג אין איינעם
אין איין מינוט אין פרײַער
ניטאָ קײַן צײַט דאָס אַלטע צו באַוויינען,
באַווײַז דערזען דאָס נײַע!

---

## פון ציקל „דערמאָנונג“.

א. פ. געשענקט.

שיט אַ שניי,
שיט און שיט.
ס׳איז שווער, אוי, ווי שווער,
און ווערטער פאַרנאַרן,
און ווערטער פאַרפירן,
דעם גאַנצן געלויף פון אַ שטאָט,
דעם ציטער פון טויזנטער הערצער,
רויע און ווילדע, און צאַרטע, און שטילע
אָט הייס און אָט שאַרף,
ווי אַ שטאָלענער שניט.
אָט קאַלט ווי דער שניי,
שיט אַ שניי, שיט און שיט.

פון העלע וויטרינען
קוקן ביכער ארויס,
און די וועלט, ווי ז׳איז רוי, ווי ז׳איז ווילד, ווי ז׳איז גרויס,
ווערט מיר מילד ווי א מוטערשער שויס,
שיט א שניי, שיט און שיט.
ערגעץ דארט, גאר ניט ווייט
דארטן וואקסט נאך און בליט
ערגעץ דארט אף איטאליעס ראנד...
ערגעץ דארט האט אמאל נאך א שייטער געברענט
און דער ווינט האט געטראגן דעם רייעך פון ביטערן בראנד
און פון מענטשלעכן ציטריקן לייב,
א, ס׳איז גוט, וואס אויב יא ס׳איז געווען
איז אמאל דאס געווען.
אך, ווי גוט וואס ניט אלץ דא פארבלייבט
פון דעם פינצטערן דאר.
אפאר ציטריקע נעמען פארהיט
שיט א שניי, שיט און שיט,
שיט א שניי,
ס׳איז געבליבן אווארט: גאליליי...
און מיין זון גלויבט מיר גרינג אפן ווארט,
אז מיר טראגן זיך שנעל מיט דער ערד
ארום זיך, ארום זון,
און ארום און ארום און ארום
און באוועגונגען ניין,
ער שרייבט מיר פון קיעוו
(געזונט זאל ער זיין)
מיט שיינע, מיט קינדערשע גענג,
און באשטימט אי די ערדישע ברייט אי די לענג,
ווו זיין קינדערשע פוס איצטער טריט,
שיט א שניי, שיט און שיט,
ערגעץ וואקסט, ערגעץ בליט.

בערלין.

---

כ. גילדין.

# בא מאכנאָען.

אינם קליינעם פֿינצטערן קלאַדאָווקעלע האָט געפּעשט מיט הינער-קויט, מיט שימל און מיט פֿאַרפֿוילטער איבערגעזײַערטער קרויט.

אין טיר—אַן אויסגעשניטענע לאָך פֿאַר אַ שײַבל. ווי נאָר מע צעעפֿנט די טיר פֿון פֿאָדערהויז, ווינקט אַרײַן אין קלאַדאָווקעלע אַ טראָפּן שײַן. פֿאַרמאַכט מען די טיר—ווידער אַ געדיכטער פֿאַריפּעשטער כוישעך.

מיט די הענט האָט שולמאַן אויסגעטאַפּט די גרויס פֿון דער קלאַדאָווקעלע, אַוועקגעזעצט זיך אַפֿן אויסגעבעטן שטרוי, און פֿאַרפֿלעכטנדיק די הענט אַף די קני אַראָפּגעלאָזט אַף זיי דעם קאָפּ.

דאָ אין אומהיימלעכן כוישעך זײַנען די געדאַנקען זײַנע אויך געוואָרן אומהיימלעך און פֿינצטער.

ווידער איז אַרויסגעשווומען די קוקורוזע, ווו ער איז געלעגן, דער וואָקזאַל, די צוויי שערענגעס אַרמייער, די ווײַב, די קינדער און דער הונט מיטן ווײַסן פֿלעק אַפֿן שטערן.

ערשט איצט האָט ער דערפֿילט, ווי שטאַרק דער ביס ברענט אים די פֿוס, ניט אַנדערש, אַז דער הונט איז געווען אַ מעשוגענער, און אויב אים וועט אַפֿילע געלונגען אויסדרייען זיך פֿון מאַכנאָס האַנט, וועט ער פֿונם ביס ריזן זיך פֿון זינען.

פֿאַלן אין שלאַכט, פֿאַלן אַפֿילע פֿון מאַכנאָס האַנט, דאָס איז אים געווען פֿאַרשטענדלעך, נאָר יאָרן אָפּזיצן אין די טורמעס, באַטייליקן זיך אין די שווערסטע שלאַכטן אַף אַלע פֿראָנטן און לעסאָף אומקומען פֿון אַ מעשוגענעם הונט—מיט דעם האָט דער געדאַנק ניט געוואָלט צוזאַמען לעבן זיך.

אַ לאַנגע צײַט איז ער געזעסן אַ געהויקערטער און געקוויקט זיך מיט די פֿינצטערע געדאַנקען. נאָר לעכאַטכילע איז צו אים נאָך דערשווימען אַ געסקריפּ פֿון אַ טיר, טריט פֿונם וועכטער און אַ געזאַנג פֿון פֿיל שטימען. לעסאָף איז אָבער אַלץ פֿאַרשטומט געוואָרן. ליגן ליגט ער גאָר ניט אין דער פֿינצטערער קלאַדאָווקעלע, נאָר באַ זיך אין צימערל אַף אָדעסער מאָלדאַוואַנקע.ביידע קינדער זיצן אַף אים רײַטנדיק, און די ווײַב, די ווײַב טרייסלט אים גאָר פֿאַר די אַקסל און שרײַט אים אין אויער:

— בראַטישקע, אַ בראַטישקע.

— וואָס! האַ טיעפּלושקעס?

— ניין, ניט קײַן טיעפּלושקעס—האָט אים דער געשטופּלטער מאַכנאָוועץ געענטפֿערט,— דער באַטקאָ רופֿט, דער באַטקאָ מאַכנאָ.

בלויז פֿונם געדאַנק, אַז באַלד וועט ער זיך באַגעגענען מיט דעם, וואָס וועט באַפֿוילן מע זאָל אים צעשיסן איידער נאָך ער האָט עפּעס צוגעטראַכט ווי אַזוי אויסצודרייען זיך פֿון טויט, בלויז פֿונם געדאַנק איז אים קאַלט געוואָרן אין אַלע גלידער און אַ געהויקערטער איז ער אַוועק אין דער באַגלייטונג פֿונם געשטופּלטן און נאָך פֿון צוויי מאַכנאָווצעס, אַוועק מיט אַ שיכער-געפּלאָנטערטן טראָט.

אַרום—אַ שיכער געזאַנג. עס ליאַרעמען האַרמאָשקעס, ערגעץ גרימפּלען באַלאַלײַקעס, ערגעץ רעווען בעהיימעס און דער טאָג מיט אַ שמייכל פֿון אַ שווינדזוכטיקן גייט אויס ווי אַ געקרייצטער אַפֿן באַגילטן קלויסטערשן ציילעם.

קלויסטערשע צלאָמים, קלויסטערשע גלאָקן פֿלעגט שולמאַן ניט קאָנען פֿאַרטראָגן. זייער גאָלדענער געבלאַנק, זייער נאַבאַטישער געקלאַנג פֿלעגט שטענדיק אויפֿקאָכן זײַן בלוט, פֿאַרביטערן זײַן שטימונג און צעוועקן די זיכרוינעס פֿון זײַנע קינדער־יאָרן אין שטעטלע, ווען יעדער פּאַסכע, יעדער טרויצע, יעדער ראָזשדעסטוואָ פֿלעגן אַלע יידן ליגן דערשראָקענע אין די הײַזער און ציטערן פֿאַר אַ פּאָגראָם.

פֿון קינדערוויַיז אָן איז באַ אים פֿאַרבליבן אַ פֿאַרביטערטע סינע צו קלויסטערס און אַפֿילע אַף די פּראָנטן פֿלעגט ער ניט קאָנען באַפֿרײַען זיך פֿון דער סינע. יעדער קלויסטער איז פֿאַר שולמאַנען געווען אַ עשאַפֿאָט מיט צלאָמים, ווי מיט גאָלדענע טליעס, יעדער רעגע זײַנען דאָך די עשאַפֿאָטן גרייט אויפֿצוהענגען די רעוואָלוציע אַף זייערע אויפֿגעשטעלטע גאָלדענע טליעס, צו וואָס זשע לאָזט מען זיי שטיין. פֿאַרוואָס ציטערט מען אָנצורירן די קלויסטערס? דעם גלויבן אין קייסער, די קנעכטישע אָפּשײַ פֿאַרן גוויר האָט מען צעשאָסן און די קלויסטערס געלאָזט.

— ווײַט נאָך צו שפּאַנען?

— אָן צום גאַלעכס הויז, וואָס מיט בלעך געדעקט,—האָט אים דער געשטופּלטער אָנגעוויזן.

אַרײַנגייענדיק אין פֿאָדער־הויז, האָט שולמאַן דערהערט אַ געשמאַקן רייעך פֿון געבראָטנס, און ערשט איצט דערפֿילט, אַז ער איז שטאַרק הונגעריק.

אין קיך איז געשטאַנען אַ פֿעטע בליענדיקע גאַלעכטע און עפּעס געבראָטן. נעבן איר איז דער גאַלעך געשטאַנען צוגעבויגן צו דער סקאָוואָראָדע און דורך די ברילן ערנסט געקוקט צי דאָס געבראָטנס ווערט כאָלילע ניט אונטערגעברענט.

קוקנדיק אַף זייערע ערנסטע פֿאַרפֿלאַמטע פּענימער, האָט זיך שולמאַן אינערלעך צעלאַכט. זיי, דער גאַלעך מיט דער גאַלעכטע גרייטן קיבעד פֿאַר מאַכנאָ דעם אַנאַרכיסט זיי שפּײַזן אים ער זאָל האָבן קויעך צו קעמפֿן מיט די קאָמוניסטן.

מיט אַ זײַט איז נעסטער מאַכנאָ געשטאַנען באַם אָפֿענעם פֿענצטער און געגלעט אַ פֿעטע שוואַרצע קאַץ.

שולמאַנס אַרײַנקומען האָט ער גוט באַמערקט, נאָר אַ לאַנגע צײַט געמאַכט זיך ניט וויסנדיק.

געשטאַנען איז ער אַראָפּגעבויגן צו דער קאַץ, געקיצלט זי אין נאָז מיט איר אייגענעם עק און שמייכלענדיק געקוקט, ווי די קאַץ פֿאַרשקעט און דרייט אומצופֿרידן מיטן קאָפּ.

אַז דער קאַץ איז נימעס געוואָרן דאָס קיצלען און אין אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן בייזע גרינע פֿײַערלעך, איז מאַכנאָ פּלוצים אויפֿגעבראַכט געוואָרן, קאָעסדיק אַרויסגעשלײַדערט די קאַץ דורכן פֿענצטער, און פֿאַרוקנדיק די הענט אין די הויזן־קעשענעס, אָװעקגעשפּאַנט מיט גיכע, דריבנע, אויפֿגערעגטע טריט, אַוועקגעשפּאַנט אַן אָנגעצונדענער אַף דער קאַץ פֿאַר איר האָזע.

אינמיטן צימער איז מאַכנאָ געבליבן שטיין, פֿון אונטן אַרויף אָפּגעמאָסטן שולמאַנס גרויסע ביינערדיקע פֿיגור און איינצײַטיק אָנגעהויבן אָפּשפּיליען די קאַבורע פֿון רעוואָלווער.

קינע, דראָונג און פֿאַראַכטונג, פֿאַרביטערטע סינע און פֿאַריסענע פּרעכע גײַווע—אַלץ איז געווען אין דעם לאַנגן דורכדרינגלעכן בליק. מער פֿון אַלץ איז אָבער אינם בליק געווען קינע, אַ פֿאַרביסענע, דאָרשטיקע קינע צו שולמאַנס הויך, צו זײַנע טרוקענע ביינעדיקע פּלייצעס און פֿאַרבאָרגענער בערישער קראַפֿט.

דערזעענדיק, אַז מאַכנאָ שפּיליעט אָפּ די קאַבורע פֿון רעוואָלווער, איז אין שולמאַנס מויעך דורכגעשוואונדן, אַז ער וויל אים צעשיסן טאַקע דאָ, דאָ אין צימער.

צו דער פּאָטיליצע איז דער געדאַנק דערשוומען מיט אַ פּראָסטיקן ברי, יעדער מוסקול אַף זײַן פּאָנים איז פּלוצלונג אָנגעקוואָלן געוואָרן מיט אַ פֿאַרגליווערטער קענגנקראַפֿט צו ראַנגלען זיך, ראַנגלען זיך ביזן לעצטן טראָפּן בלוט, און אין מאַכנאָס פּאָנים האָבן זיך

אײַנגעטרונקען ניט קײַן צונויפֿגעזשמורעטע אויגן, נאָר שמאָלע צווײ פּאַסקעלעך. ווי קאַלטע בלאַנקענדיקע שאַרפֿן פֿון אָקערשט אָנגעשלײַפֿטן מעסער.

נאָר איין רעגע זײַנען זײ געשטאַנען איינער קעגן צווייטן און געמאָסטן זיך מיט די קויכעס. פּלוצלונג האָט זיך מאַכנאָ צעלאַכט און אָפּגעגאַנגען פֿון שולמאַנען:

— אײַערע רויטע העלדן זוכן מיך בײַ דער סטאַנציע לאָזאָוואַיאַ, און איך בין גאָר פּלוצלונג אויסגעוואַקסן בײַ דיר אונטערן נאָז, כאַ. כאַ, כאַ. ניט געוואַרט? זעץ זיך שולמאַן. האַ! ניט געוואַרט אַף אַזאַ גאַסט? נו זעץ זיך, זאָגט מען דיר, צי דײַן קאָמוניסטישע שטאָלץ דערלויבט דיר ניט אַפֿילע פֿאַרברענגען אַ מינוט מיט מאַכנאָ דעם אַנאַרכיסט?

פֿון זײַן טאָן איז שולמאַן פֿאַרכידעשט געוואָרן. אָקאָרשט אַזאַ פֿײַנטלעכער בליק, ערשט מאַכנאָ איז גאָר געוואָרן גוטמוטיק און אָפּגעלייגט צו שולמאַנען. וואָס זשע, איז ער שיקער? ניין, עפּעס ניט צו מערקן. שולמאַן אָבער קאָן דאָך אָט די כיטרע בעסטיע, אָן אַ ציל וועט דאָך מאַכנאָ ניט זאָגן און ניט טאָן קיין זאַך, הייסט עס, אַז אינם טאָן ליגט עפּעס אַ באַזונדערע קאַוואָנע. און מיט אַ פֿאַרשאַרפֿטער אויפֿמערקזאַמקײַט האָט ער זיך צוגעזעצט צום טיש.

מאַכנאָ איז אַלץ אומגעגאַנגען הין און צוריק. מיט די פֿינגער אָפּט געקעמט די לאַנגע שוואַרצע פּאַטלע, און רײַבנדיק אַ האַנט אָן אַ האַנט, געשמייכלט צו זיך אַליין:

— טראָצקי באַשיסט מיך מיט פּאַמפּלעטן, טאָג אַף טאָג האַלט ער מיך אין איין דיסקרעדיטירן און איז זיכער, אַז אויס מאַכנאָ, קאַפּוט. ערשט מאַכנאָ איז באַליבט, מאַכנאָ פֿאַרמאָגט אַ גרויסע אַרמיי און לאַכט פֿון אײַך ד-ע-מאַ-גאָ-גן.

אַז מאַכנאָ איז אייגנליבלעך, אַז מאַכנאָ גלויבט ערנסט אין זײַנע מיליטערישע גרויסע פֿעיִקייטן און האָט ליב צו כוואַסטען—דאָס איז שולמאַנען געווען באַוווּסט נאָך פֿון יענער צײַט, ווען ער איז געווען אין זײַן אַרמיי.

מאַכנאָס כאַראַקטער האָט שולמאַן גוט געקאָנט און געוווּסט, אַז עפּעס פּויעלן בײַ מאַכנאָען קאָן מען אָדער מיט כניפֿע, אָדער אַז מע באַפֿאַלט אים און מע אַנטפּלעקט זײַן מענטשלעכע נישטיקײַט.

קײַן גרעסערן, קײַן דרייסטערן פֿון זיך פֿלעגט מאַכנאָ ניט פֿאַרטראָגן. דעם, וואָס מאַכנאָ איז נאָר כוישעד געווען, אַז ער פֿאַרשטייט אים, אַז ער זעט אַלע זײַנע כעסרוינעס, פֿאַר אַזוינעם פֿלעגט מאַכנאָ פֿאַכדאָניש ציטערן און אויב אים איז ניט געלונגען „אָפּצוראַ-מען" אַזוינעם פֿונם וועג, פֿלעגט ער ביז אַ צײַט באַגיין זיך מיט אים אַזוי העפֿלעך, אַזוי פֿאָרזיכטיק און נאָכגעביק, גלײַך ער איז גרייט צו באַצאָלן מיט אַלץ, אַבי נאָר אויסצומײַדן דעם מינדסטן צוזאַמענשטויס מיט דעם, וואָס זעט אים אַף דורך און דורך.

איצט זיצנדיק באַם טיש האָט שולמאַן געטראַכט ווי אַזוי זאָל ער זיך האַלטן. זײַן לעבן איז אין מאַכנאָס הענט. ער קאָן אים צעשיסן באַלד, מאָרגן, איבערמאָרגן און שולמאַן דאַרף געווינען כאָטש אַ טאָג אָדער צווײ, ביז מע וועט אין שטאַב דערוויסן,—אַז ער איז געפֿאַנגען.

ווי זשע האַלט מען זיך? כאַנפֿענען? לויבן זײַן העלדישקײַט און זײַנע סטראַטעגישע פֿעיִקײַטן, באַוווּנדערן ווי פֿלינק ער וואַנדערט איבער פֿון איין ראַיאָן אין צווייטן. און איבעראַשט דערמיט אַלע זײַנע געגנער?

זאָל ער זיך פּרוּוון פֿאַרוויגן אים מיט כניפֿע און אַף אַזאַ אויפֿן אָפּציִען דעם טויט כאָטש נאָר אַף איין איינציקן טאָג? צי עפּשער אַרײַנשפּײַען אים אין פּאָנים אַלץ וואָס שול-מאַן ווייס וועגן אים, דערווײַזן אים, אַז ער מאַכנאָ איז גאָר ניט קײַן אַנאַרכיסט, נאָר אַן איינפֿאַכער באַנדיט, אַ קאַריעריסט, אַ נידערטרעכטיקער באַלנויקעם, וואָס איז גרייט אַפֿילע אומברענגען זײַן אייגענע פֿרוי, אויב נאָר עס וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז זי פֿאַרשטייט אים, אָדער שטייט עטוואָס העכער פֿון אים.

זײַן כניפֿע וועט מאַכנאָ עפּשער ניט גלויבן, קלוג און כיטרע איז ער דאָך פֿון אַלע מאָל געווען, נאָר שולמאַן ווייס דאָך, אַז מאַכנאָ שעמט זיך מיט זײַנע כעסרוינעס, שולמאַן

ווייס דאָך, אַז מאַכנאָ וויל אַרויסשפּרינגען פֿון זײַן אייגענער הויט און קאָן ניט. וועט ער אים צעטרעטן, דערנידעריקן אין זײַנע אייגענע אויגן. אַראָפּרײַסן זײַן געבלאָזענע גאַדלעס און זאָל זיך מאַכנאָ פֿאַרטיידיקן, זאָל ער דערווײַזן, אַז אַלץ אין וואָס שולמאַן באַשולדיקט אים איז ליגן. נאָר אַף אַזאַ אויפֿן וועט ער אים צווינגען כאָטש איינמאָל דערשטיקן אין זיך דעם קליינלעכן בלאַגויקעס, נאָר אַף אַזאַ אויפֿן וועט ער אים עפּשער צווינגען כאָטש איין איינציקן מאָל ווערן מענטשלעך און כאַוועריש באַגיין זיך מיט זיין איציקן קעגנער, מיט שולמאַנען, מיט וועמען מאַכנאָ איז צוזאַמען געזעסן אַ געשמידטער און צוזאַמען געגאַנגען אין שלאַכט.

אַפֿן דאָרפֿישן קלויסטער האָבן זיך אָנגעהויבן איבערקלינגען דרײַ קליינע גלעקער. זייער יעכידנער אײַנגעזעסענער קלאַנג האָט אָבער שולמאַנען דערמאָנט ווי אַזוי קינדווײַז פלעגן די שטעטלדיקע שקאָצימלעך אַרײַנעמען די היטלען אין די ציין און פּונקט אַזוי יעכידנע רייצן אים און שרײַען:

— זשיד, כאַם, דוליו דאַם,

— זשיד, כאַם, דוליו דאַם!

דאָס גאַנצע לעבן איז שולמאַן געלאָפֿן פֿון קלויסטערשע קלאַנגען. קוים דערלעבט די רעוואָלוציע זאָל כאָטש שטילער מאַכן זייער פּאָגראָמישן נאַבאַט, און גראָד אין די ערטער, ווו עס באַפֿעסטיקט זיך דער אַנאַרכיסט מאַכנאָ, גראָד אין די ערטער ווערן די קלויסטערס די ערשטע אופֿגעלעבט און צעפּלאַפּלען זיך מיט דערזעלבער פֿרעכער האַזע, ווי פֿאַר דער רעוואָלוציע.

פֿון די קלויסטערשע קלאַנגען איז שולמאַן געוואָרן אופֿגערייצט און פֿאַרלאָרן אַלע געדאַנקען ווי אַזוי צו האַלטן זיך פֿאַר מאַכנאָען:

— פֿריי זיך אַנאַרכיסט, פֿריי זיך,—האָט שולמאַן אזוי בייז און שטאַרק אַ שפּײַ געטאָן אין פֿענצטער, גלײַך ער וויל פֿון צימער טרעפֿן גלײַך אין קלויסטער אַרײַן.—גאָטס באַפֿולמעכטיקע בענטשן דיך מיט מעשענע צינגער.

מאַכנאָ האָט זיך געמאַכט ניט הערנדיק, אַרויסגענומען פֿון בופֿעט אַ פֿלעשל מיט צוויי גלעזער, אָנגעגאָסן סאַמאָהאָן און געזעצט זיך צום טיש קעגן שולמאַנען.

אַן אויסגעפּוצטע אין אַ ווײַס געשפּרינקלט קלייד און מיט אַ הויך-פֿאַרדרייטן גײַשע קובליק איז אין צימער אַרײַנגעגאַנגען די גאַלעכטע, אַוועקגעשטעלט אַ געבראָטן הינדל אַף אַ טעלער, און עפּעס אָנגעהויבן זוכן דאָס אין בופֿעט, דאָס אַף די פֿענצטער, דאָס אַרום טיש.

אומגעגאַנגען איז זי ווי אונטערטאַנצנדיק און פֿון איר צעפֿלאַמטן פּאָנים, פֿון דעם קאָקעטישן, קלוימערשט פֿאַרשעמטן בליק, האָט צו מאַכנאָען אַרויסגעוווּנקען איין געבעט: „באַפֿויל נאָר הערשער, באַפֿויל נאָר און איך בין גרייט אף אַלץ“.

אין טיר איז דער גאַלעך געשטאַנען, ווי אַ הונט מיט אַ צעעפֿנט מויל, און גליקלעך געקוקט ווי זי באַדעקט דעם טיש מיט אַ ווײַסן טישטעך און ווי מאַכנאָ קוקט אַף איר מיט אַ שמייכלענדיק צונויפֿגעזשמורעט אויגל:

— אַ וואָילע יע-פּיי-פּע-לע—האָט מאַכנאָ שעלמיש אַ ווונק געטאָן צו שולמאַנען ווי נאָר די גאַלעכטע איז ארויס פֿון צימער,—אַ ווײַבעלע מיט זאַפּט. נו, שולמאַן טרינק!

— איך טרינק ניט.

— וואָס זשע, אין דעך רויטער אַרמיי ביסטו אַפּאָנים געוואָרן אַ מאָנאַך? טראָצקי האָט אײַך גוט גענומען אין די הענט, קײַן בראָנפֿן טרינקט איר ניט, דעם סאָציאַליזם בויט איר ניט, בורדר ווי ביטער און ווי איפּעשדיק איז דער סאַמאַהאָן, און פֿאָטער ווערן פֿון דעם סאַמאָהאָן קאָן איך ניט. נו, טרינק, זאָגט מען דיר.

אין זײַנע רונדע דורכדרינגלעכע שוואַרצע שפּאַרבער-אויגן, איז אופֿגעשווומען אַ בייזער שטעכעוודיקער גלאַנץ, און אינעם קרומלעכן לינקן ווינקל-מויל—די אַלטע גאַליקע פֿאַרביטערטקײַט.

פֿון דער גלאָז סאַמאָהאָן, פֿון מאַכנאָס בליק איז שולמאַן נאָך מער אופֿגערייצט געוואָרן, עפּעס קוקט ער ניט, נאָר עקבערט, גראַבלט מיט קאַלטע נעגל און דער בליק זיינער גליטשט זיך אַראָפּ אין האַרץ אַריין ווי אַ שטעכעוודיקער יאָזש.

אַ רעגע זיינען שולמאַנס אויגן אומגעקראָכן איבערן צימער, געפּרוווט בלייבן הענגען אַף דער צאַנקנדיקער איקאָנע און אַלץ געפּילט, אַז מאַכנאָס בליק טאַפּט, גראַבלט און פּויזעט איבער אים, ווי קאַלטע קלעפּיקע שמוץ.

מאַכנאָ האָט זיך אָבער אריבערגעבויגן איבערן טיש און שולמאַנען אַ צי געטאָן פֿאַרן פּרענטש.

— דו קוק מיר גלייך אין די אויגן און זאָג וואָס טראַכט איר זיך. קאָמוניזם? ווו זשע איז דער קאָמוניזם אייערער, האַ? טשעקאַ? מיך וויל מען פֿאַרוויגן פֿאַר אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער און אליין פּירט איר איין די רעאַקציאָנערסטע אָרדענונג. אָנשטאָט צעטיילן די גאַנצע ערד די פּויערים און זאָל זיך יעדער פּויער זייען וויפֿל ער וויל, מאכט איר נאָר ראַטן־ווירטשאַפֿטן, די מאכט וויל פֿאַרכאַפּן אלע רייכטימער פֿון לאַנד, ווערן אליין ער גרעסטער עקספּלואַטאַטאָר און אַפֿן פּויער זעצט מען זיך אָן מיט פּראָדראַזוויאָרסטקעס, אזוי בויט איר דאָס דעם סאָציאַליזם? צוליב דעם, שולמאַן, זיינען מיר געזעסן אין די טורמעס און געטרוימט און געוואַרט אַף דער רעוואָלוציע? ווו פֿרעג איך דיר איז אייער קאָפּ, איר פֿאַרשטייט צו וואָס איר וועט דערגיין? טרינק!

פֿון זיין לינקן ווינקל מויל איז פֿאַרשוונדן די גאַליקע פֿאַרביטערטקייט, פֿונם בליק—די דורכדרינגלעכע ברודיקע שטעכעוודיקייט און אף איין רגע האָט שולמאַן פֿאַר זיך דערזען יענעם מאַכנאָ, מיט וועמען ער איז צוזאַמען געזעסן אין טורמע, מאַכנאָ דעם טרוימער, מאַכנאָ דעם יונגן באַגייסטערטן רעוואָלוציאָנער מיטן גליענדיקן פֿייערלעכן גלויבן אין די רונדע שוואַרצע שפּאַרבער־אויגן.

אַף אַ רעגע איז שולמאַנען עפּעס וואַרעמער געוואָרן אין אלע גלידער, נאָר פֿאַרביי־פּענצטער איז דורכגעגאַנגען האַווריושע און קלוימערשט צופֿעליק אַ קוק געטאָן, וואָס אין צימער טוט זיך.

אין שולמאַנס זיקאָרן זיינען פּלוצלונג אופֿגעשוומען אלע איינצלהייטן פֿון די גרויזאַמע שכיטעס, וואָס האַווריושע פֿלעגט מאַכן לויט מאַכנאָס באַפֿעל.

אופֿגעשוומען זיינען אין זיקאָרן די שיקערע וואַקכאַנאַליעס. וואָס מאַכנאָ פֿלעגט מאַכן אין יעדער שטאָט, אין יעדער דאָרף, ווו נאָר ער פֿלעגט אַריינקומען מיט זיין באַנדע. און אָנשטאָט מאַכנאָ דעם יונגן טרוימער, אָנשטאָט מאַכנאָ דעם באַגייסטערטן רעוואָלוציאָנער, איז איצט פֿאַר אים ווידער געזעסן אַ קליין נישטיק מענטשעלע מיט אַ גרויסער שוואַרצער פּאַטלע האָר ווי אַ קודלאַטער הונט. אַ מענטש, וואָס האָט אַמאָל פֿאַרמאָגט אַלע איינגנשאַפֿטן צו זיין אַ באַגייסטערטער שיינער קעמפֿער, נאָר אָנשטאָט פֿאַרבינדן זיין אייגענעם גורל מיטן גורל פֿון די, וואָס זיינען באַרופֿן צו צעשטערן און צו בויען, איז ער נאָר אַוועק מיט די האַווריושעס, אַוועק אָן א וועג און אָן אַ שטעג, באַטרונקן געוואָרן פֿונם בילינקן רום. פֿאַרשיקערט זיינע ליכטיקע טרוימען, אויסגעגליטשט זיך און אומזיסטדיק פֿאַרגאָסן בלוט, און אָט דער מאכנאָ, וואָס באַפֿליגלט יעדער אופֿשטאַנד קעגן דער ראַטן־מאַכט, שטאָלצירט מיטן באַנדיטיזם, ווי מיט דער פֿאָן פֿון זיין ציל, ער דערוואַגט זיך נאָך האָבן טאַינעס צו די קאָמוניסטן, ער דערוואַגט זיך נאָך פֿרעגן, ווו איז דער סאָציאַליזם?

אַלץ, וואָס פֿאַרן טאָג איז אָנגעזאָדן געוואָרן אפֿן האַרצן, האָט זיך געריסן צום צונג, נאָר אין מויעך איז ערגעץ געלעגן אַ פֿאַרנעפּלטער געדאַנק, אז זיין לעבן איז אין מאַכנאָס הענט און ער דאַרף נאָך צוטראַכטן ווי אַזוי זאָל ער זיך האַלטן. קעדיי צו געווינען כאָטש איין איינציקן טאָג ביז מע וועט אין שטאַב דערוויסן, אַז ער איז געפֿאַנגען.

אַריינשפּייען אים אין פּאָנים, אַז ער איז אַ באַנדיט? און אַלע זיינע טאַינעס וועגן סאָציאַליזם זיינען ניט מער ווי פּוסטע פֿראַזן, אלע זיינע טאַינעס זיינען ניט מער ווי

אַ יערושע פֿון די אַלטע טיורמע-געשפּרעכן, פֿון וועלכע ער, מאַכנאָ, קען זיך נאָך ניט אָפּגעוואָינען? צי עפּשער כאַנפּענען? מאַכן זיך טאַמעוואַטע און צובאַמקען צו אַלץ, וואָס מאַכנאָ רעדט?

אָנגעשפּאַרט מיט די עלנבויגן אָן טיש, איז מאַכנאָ געזעסן קעגן שולמאַנען, מיט אַ דורכדרינגלעכער נייַגעריקייַט געקוקט אין שולמאַנס אויגן און געוואָלט אין זיי, אַפּאָנים, דורכלייענען דעם זין פֿון זייַנע געדאַנקען.

פֿון מאַכנאָס בליק איז אָבער שולמאַנען ווידער געוואָרן אומהיימלעך, עפּעס נישטערן די בליקן זייַנע, פֿון זייער גליענדיקע שוואַרצקייַט קוקט דאָך אַרויס די פֿאַרבלוטיקטע נעשאָמע פֿון אַ באַנדיט, און ער רעט נאָך וועגן סאָציאַליזם. זייַנע בלוטיקע מאַיסים וויל ער פֿאַרשלייערן, וויל באַרעכטיקן מיט קלוימערשטדיקן שטרעבן צו אַ העכערן אידעאַל.

אַלע זייַנע פֿריערדיקע געדאַנקען זייַנען פלוצלונג אַרויסגערונען פֿון מויעך און ער האָט גיפּטיק דורכגעזייַט:

— דערפֿאַר ווערסטו אויפֿבויען דעם עמעסן סאָציאַליזם, דו צוזאַמען מיט האַוריושען.

מאַכנאָ איז ראַש אויפֿגעשפּרונגען פֿון בענקל, מיט די צעשפּרייטע הענט אָנגעשפּאַרט זיך אָן טיש און אַ געבויגענער אַזוי טיריש אייַנגעטרונקען זיך אין שולמאַנס פּאָנים, גלייַך ער איז גרייט אַ כאַפּ טאָן אים מיט די ציין און צעפּליקן אַף שטיקער.

— האַוריושע?—האָט ער זיך אָנגעהויבן קלאַפּן אין ברוסט, די האַוריושעס זייַנען מיר טייַערער ווי אַלע אייַערע קאָמוניסטן און איבערגעשפּיצטע אַנאַרכיסטן, וואָס לויפֿן פֿון מייַן אַרמיי ווי אַ שעד פֿון ווייַרעך. די האַוריושעס זייַנען מיר טרייַ, זיי פֿאַרלאָזן מיך ניט, זיי בינדן מיר ניט אָן קייַן טעאָריעס וועגן אַ קלאַסן-ליניע, וועגן זייַן מאַיעסטעט דעם פּראָלעטאַריאַט און נאָך אַזוינע באָבע-מאַיסעס. וואָס פֿאַר אַ ווערט, פֿרעג איך דיך, האָט דער פּראָלעטאַריאַט, פֿאַרוואָס, פֿרעג איך דיך, קומט אים צו זייַן דער הערשער און אַכציק מיליאָן פּויערים זאָלן גיין באַ אים אָפּן שטריקל? צי ווייסט, איר, אידיאָטן, צי ווייסט איר כאָטש, אַז מיטן קלאַסן-קאַמף, וואָס איר צעפּלאַקערט צווישן דעם פּויערטום ברענגט איר אום די גאַנצע רעוואָלוציע?

אַף זייַנע ליפּן האָט אַרויסגעשלאָגן אַ דין שנירעלע שוים, דאָס פּאָנים, די בליקן זייַנען געוואָרן טרויעריק, פֿאַרביטערט און שטעכעוודיק.

אַ רעגע איז ער געזעסן אַרומגעכאַפּט דעם קאָפּ מיטביידע הענט, געוויגט זיך אַף רעכטס און לינקס און מיט אַ געבראָכענער שטים באַקלאָגט זיך:

— דער קאָפּ, דער קאָפּ ווערט מיר צעשפּאָלטן, יעדערער קומט מיט טאַינעס, יעדערער וואַרפט מיר אויס די האַוריושעס און מיט די האַוריושעס לאָזט מען מיך איבער. קיינער וויל מיך ניט פֿאַרשטיין, קיינער וויל מיר ניט העלפֿן, נאָר טאַינעס, טאַינעס אָן אַן אויפֿהער, עך, סוואָ-לאָ-טשעס!

מיט אַ ציטערנדיקער האַנט האָט ער אָנגעגאָסן אַ גלאָז סאַמאָהאָן, אויסגעטרונקען און אָפּגעשניטן אַ שטיקל געבראָטענע הון. נאָר טייקעף אַרויסגעשפּיגן. ניט קענענדיק אַפּאָנים אַראָפּשלינגען.

— די האַו-ריו-שעס,—האָט ער גאַליק דורכגעזייַט, קוקנדיק בייז אַף דער טעלער,— מע מיינט, אַפּאָנים, אַז איך זע ניט וואָסערע באַנ-די-טן עס רינגלען מיך אַרום.—און דאָס פּאָנים זייַנס איז איבלדיק אויסגעקנייטשט געוואָרן פֿונם וואָרט „באַנדיטן”.

פֿאַר שולמאַנען איז דאָס געווען אַ נייַס, מיט אָנדערהאַלבן יאָר צוריק וואָלט מאַכנאָ ניט דערלויבט זיך אַזוי ריידן וועגן די האַוריושעס, מיט די האַוריושעס פֿלעגט ער שטאָלצירן, זיי פֿלעגן באַ אים פֿאַרנעמען דעם אויבנאָן, איצט אַזאַ פלוצלינגע ענדערונג. וואָסזשע, ער איז געוואָרן קליגער, ווייַטזעיקער, צי די לאַגע איז אַ ביטערע, און מאַכנאָ, דער אַקטיאָר, וויל איצט שפּילן די ראָל פֿון אַן אומבאַהאָלפֿענעם מענטשן, וואָס זעט אַלץ, פֿאַרשטייט אַלץ, נאָר איז נעבעך ניט בעקויעך באַקעמפּן דעם באַנדיטיזם, וואָס ער אַליין פֿלעגט פֿלאַנצן?

אַ כמורנער, אַ פֿאַרביטערטער איז מאַכנאָ געזעסן אײַנגעבויגן איבער דער טעלער און געגעסן דאָס געבראָטן הינדל, פֿון מאָל צו מאָל פֿלעגט ער אָבער גנייוויש אַ קוק טאָן אַף שולמאַנען. אַ קוק טאָן נאָר מיט אַ ווינקל-אויג, און דערזעענדיק, אַז זײַנע ווערטער האָבן געמאַכט אַף שולמאַנען אַן אײַנדרוק, האָט ער אָפּגערוקט פֿון זיך די טעלער און אָנגעהויבן ריידן מיט אַ ווייכער האַרציקער שטימע:

— אַדעראַבע, העלף מיר פּאָטער צו ווערן פֿון די האַווריושעס, גיי איבער צו מיר אין דער אַרמיי. גיי איבער, שולמאַן, און מאָרגן גיב איך דיר אַ פּאָלק, אַ דיוויזיע, אַ גאַנצן קאָרפּוס, דרײַצן פּעסלעך גאָלד ליגן בײַ מיר פֿאַרגראָבן אין דער ערד, מיט איין ווונק זאַמל איך אויף צענדליקער טויזנטער פּויערים, קאָמאַנדירן דאַרף איך, שולמאַן, גוטע קאָמאַנדירן און קרים איז אין אונדזערע הענט, מיר, שולמאַן, וועלן פֿאַרנעמען קרים, מיר און ניט די באָלשעוויקעס. דאָרט אין קרים וועלן מיר שאַפֿן אַ באַזונדערע מאַכנאָווישע רעפּובליק, אונדזערע נעמען וועט די געשיכטע פֿאַרשרײַבן אַף גאָלדענע לוכעס, הערסט, שולמאַן, אונדזערע, אונדזערע נעמען.

בעזעסן איז שולמאַן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער קאָפּ און נאָר געהערט ווי די קלויסטערשע גלאָקן אַקאָמפּאַנירן מאַכנאָס היציקע רעדע.

דאָס אויער האָט געהערט, ווי מאַכנאָ פּלאַפּלט היציק וועגן אַן אייגענער רעפּובליק, וווּ יעדער פּויער וועט באַאַרבעטן וויפֿל ערד ער וויל, אַ רעפּובליק, וווּ עס וועלן ניט זײַן קײַן צוואַנג-מיטלען, קײַן טשעקאַ, פּונקט דאָס אַלץ, נאָך וואָס עס בענקט די פֿאַרשלייערטע קאָנטער-רעוואָלוציע.

דאָס אויער האָט געהערט איינס, און פֿאַר די אויגן איז געשטאַנען אַ לאַנגע קייט רויטע טעפּלושקעס, בײַ די טעפּלושקעס צעשאָסענע אַרמייער, וואָס האָבן ערגעץ געלאָזן עלטערן, ווײַבער און קינדער. אין שלאַכט זײַנען די אַרמייער געגאַנגען מיט אַ ליכטיקן טרוים, אויפֿצובויען אַ לעבן אָן טרערן, אָן קנעכטשאַפֿט, אָן בלוט און באַם שוועל געפֿאַלן פֿון מאַכנאָס האַנט.

אַלץ, וואָס פֿאַרן טאָג איז אָנגעזאָדן אַפֿן האַרצן, איז פּלוצלונג צוגעשווומען צום פֿויסט און אַרויסגעפּלאַצט אינם הילכיקן קלאַפּ אָן טיש.

— פֿאַרוואָס האָסטו צעשאָסן מײַנע כאַווײרים?

איבעראַשט האָט זיך מאַכנאָ אַף צוריק אַ זעץ געטאָן אַפֿן בענקל, מיט די פֿינגער ראַש אַרופֿגעקעמט די לאַנגע שוואַרצע האָר, אַ כאַפּ געטאָן זיך פֿאַר דער קאַבורע, נאָר טייקעף כאַראָטע געהאַט:

— זיך, וואָס ליאַרעמסטו וואָס, זיך.

שולמאַן איז שוין אָבער געשטאַנען אַ געבויגענער גרייט אַ שפּרונג צו טאָן אַף מאַכנאָען, ווי אַ כאַיע, געקוקט אַף אים מיט אַ צונויפֿגעזשמורעטן שטאָלענעם בליק און מיטן פֿויסט געהאַקט אין טיש.

— פֿאַרוואָס, פֿרעג איך דיך, האָסטו צעשאָסן אַזוי פֿיל רעוואָלוציאָנערן, האַ? מיר, שולמאַנען, לייגסטו פֿאָר ווידער אַרײַנטרעטן אין דײַן רויבערישער באַנדע און העלפֿן דיר שאַפֿן אַן אייגענע רעפּובליק, מיר לייגסטו פֿאָר אַ דיוויזיע, אַ קאָרפּוס, מעס! דו ביסט דאָך אַ לעבעדיקער מעס, נאָר האַווריושעס וועלן גיין נאָך דיר! נאָר אַזוינע באַנדיטן, ווי דו.

באַם טיר האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אַפֿן טיש איז געבליבן דאָס היטל און צוריק געקערט זיך.

דער קאָפּ געניידערט אַפֿן ברוסט, די הענט פֿאַרפֿלאָכטן אַפֿן בויך, איז מאַכנאָ געזעסן אַ דערשלאָגענער און נאָר פֿון מאָל צו מאָל נערוועזיש געטרייסלט מיטן קאָפּ, קעדיי אָפּצוּוואַרפֿן פֿונם פּאָנים די אָוולדיק צעפֿאַלענע פֿאַטלע האָר.

אויס פֿאַריסענע גאַדלעס, אויס כוואַסטעוואַטע העלדישקײַט, אַ קלייניקער, אַ געבראָכענער זיצט מאַכנאָ אין דרײַען געבויגן, ער, שולמאַן, האָט אים אויסגעטאָן אַ נאַקעטן

און באַווײַזן אײם דאָס, וואָס מאַכנאָ האָט שוין לאַנג אין זיך כוישעד געווען, נאָר ניט געקאָנט בײַקומען.

דערזעענדיק, אַז שולמאַן נעמט דאָס היטל און לאָזט זיך צום טיר, האָט ער מיט אַ פֿאַרוואָרגענער שטים שטיל אַ זאָג געטאָן:

— באַטראַכט זיך שולמאַן, איך לייג דיר פֿאָר ווי אַן אַלטן כאַווער.

— אַ שעד איז דיר אַ כאַווער, אַ שעד, נאָר ניט איך, באַנדיט.

פלוצלונג האָט מאַכנאָ אַ ריס געטאָן דעם טישטעך מיטן געשיר און ראַש אַ שלײַדער געטאָן פֿון זיך דעם טיש:

— וועל איך דיך צעשיסן, ווי אַ הונט.

דאָס פּאָנים, דער טרוקענער גלאַנץ אין די אויגן זײַנען ווידער געוואָרן טיריש, שטעכיק און פֿאַרביטערט.

— צעשיסן? איך שפּײַ אַף דיר, די גאַנצע רעוואָלוציע וועסטו ניט צעשיסן, און שולמאַן איז אַרויס פֿון צימער.

אין פֿאָדער-הויז—האַווריושע, אַ געדראָפּלטע צאָל קאָנוואָירן און רייצנדיקער רויעך פֿון געבראָטנס.

— בינדט אים די הענט—האָט האַווריושע באַפֿוילן.

אַף איין רעגע איז שולמאַנען איינגעפֿאַלן פֿאַרפֿאָרן האַווריושען אין אויער, נאָר פֿאַרמעסטנדיק די האַנט, האָט ער דערזען ווי האַווריושע צילט אַף אים דעם רעוואָלווער.

דער געשטופּלטער מאַכנאָוועץ האָט אים פֿאַרדרייט די הענט אַף הינטן און שטײַף געבונדן זיי מיט אַ שנײַדיקן טעלעפֿאָנען דראָט.

— ריר זיך.

נאַכט. אין הויכן בלויען הימל איינזאַמע בלייכע שטערן, און אַ פֿערטל רויטע לעוואָנע ווי אַן אופֿגעשניטענע ווונד.

פֿון אומעטום געזאַנג, אַ פֿריילעך געקוויטשערײַ פֿון שיקסעס, און ס'דוכט זיך דאָס גאַנצע דאָרף זינגט, שפּילט אַף האַרמאָשקעס, און קוויטשעט פֿון אופֿגערעגטער לײַדנשאַפֿט.

אַהער איז מען דאַכט געגאַנגען מיט אַן אַנדער וועג. ניט געווען קײַן קלויסטער מיט קײַן ווײַס-געקאַלכטן פּלויט און ניט געווען קײַן בעסאַלמען.

וווהין זשע פֿירט מען אים?

הינטער זיך הערט ער ווי האַווריושע טײַנעט היציק צו די מאַכנאָוועצעס, אַז ס'איז ניט זייער אייסעק, ער, האַווריושע, נעמט אַף זיך די גאַנצע פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט, מיט עפּעס זײַנען די קאָנוואָירן ניט מאַסקים, ניט מאַסקים אָן דעם באַפֿעל פֿונם אַטאַמאַן, נאָר מיט וואָס זײַנען זיי ניט מאַסקים, וואָס פֿאַר אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט נעמט אַף זיך האַווריושע, האַ! צעשיסן, מע פֿירט אים צעשיסן?

דאָס האַרץ קלאַפּט אַזוי אָפּט און אַזוי הילכיק, אַז דאָס אויער הערט יעדער קלאַפּ באַזונדער. אין אַלע גלידער נאָגט, אויסציִען ווילט זיך ווי נאָך אַ שווערן פֿיבער, נאָר אין פּאַטיליצע אַטעמט עמיץ פּראָסטיק.

באַלד, באַלד וועט מען אים פֿון אונטן דורכשיסן דעם שאַרבן און אַ סאָף.

עפּעס האָט זיך די לעוואָנע איבערגעקוליעט, פּלוצלונג זײַנען אויסגעלאָשן געוואָרן אַלע שטערן, און פֿאַר די אויגן וואַקסט, וואַקסט אַ לאַנגע קייט רויטע טעפּלושקעס, די ווײַט, די הויך איז פֿאַרוואָרגן פֿון די טעפּלושקעס.

און געבליבן איז אַזוי ווייניק לופֿט פֿאַר די דאָפּלט צעברייטערטע לונגען.

שפּאַנען ווילט זיך, גיין, גיין אָן אַן אופֿהער, נאָר פּונקט אינמיטן וועג ליגט דער בעסאַלמע מיט אַזוי פֿיל צלאָמים, ווי מיט צעשפּרייטע פֿינצטערע אָרעמס אָט דאָ וועט מען...
האַ! אַ שאָס? צי דאָס קלינגט גאָר אין די אויערן, נאָר עפּעס שרײַט מען דאָך:

— שטיי, שטיי, זאָגט מען דיר.

אַ פֿאַרגלייווערטער איז שולמאַן געבליבן שטיין. שאַרפֿער דערפֿילט ווי מע בריט אים פּראָסטיק אין פּאָטיליצע, און פֿאַרמאַכנדיק די אויגן, איינגעביסן זיך מיט די ציין אין דער אויבערשטער ליפּ און דערזען דאָס צימערל אַף אָדעסער מאָלדאַוואַנקע, די ווייַב, די קינדער, מיט די פֿאָדערשטע פֿיס אַפֿן פלויט שטייט דער הונט און גריצענקאָ רייַסט פֿון אים דעם רעוואָלווער.

„באַלד, באַלד" האָט אים אָנגעהויבן האַקן אין די שלייפֿן. באַלד וועט ער דערהערן דעם שאָס, און אַ סאָף, נאָר אָנשטאָט אַ שאָס—אַ פֿראַגע.

— צעבונדן?

— ניין, האָט האַווריושע בייז אַ שפּיַי געטאָן און אַוועקגעשפּאַנט מיט אויפֿגערעגטע טריט.

דאַכט זיך, די זעלבע שטרוי אונטער די פֿיס, דאַכט זיך, דערזעלבער איפּעש פֿון הינער-קויט, פֿון שימל און פֿון איבערגעזייַערטער קרויט.

— דאָ, הייסט עס—האָט ער פּראָסטיק אַ טראַכט געטאָן—דאָ אין קלאַדאָווקעלע וועט מען צעשיסן.

מיט דער פלייצע האָט ער זיך צוגערוקט צו דער וואַנט, מיט די געבונדענע הענט אָנגעטאַפּט אַ ווינקל און שטיל, שטיל אַראָפּגעזעצט זיך, גלייַך אינם ווינקל קאָן ער זיך אויסבאַהאַלטן פֿון דער קויל.

אין פֿאָדער-הויז אַ געשפּרעך, דאַכט זיך, מענטשלעכע שטימען, דאַכט זיך, אַ מענטשלעך לאָשן, נאָר איין-איינציק וואָרט זאָל כאָטש שולמאַן פֿאַרשטיין.

אַ טויבער, אַ צונויפֿגעקנוילטער איז ער געזעסן אַף די קאָרטעטשקעס, געקוקט אין כוישעך מיט אַ פֿאַרגליווערט-ווייַסן פֿייַער אין די אויגן און, דאַכט זיך, לאַנג, לאַנג געוואַרט אַפֿן שאָס.

פלוצלונג האָט אַ סקריפּע געטאָן דער הילצערנער ריגל פֿון טיר. און פֿונם סקריפּ איז איבערן גאַנצן קערפּער דורכגעגאַנגען אַ שוידער, פֿאַרגליווערט דאָס האַרץ און מיט קאַלטן שווייס באַדעקט דאָס גאַנצע לייַב.

— „מע גייט".

די בלינד געוואָרענע אויגן האָבן, דאַכט זיך, געזען מענטשלעכע פּענימער, דאָס אויער האָט, דאַכט זיך, געהערט אַ שאָס, נאָר ווען, ווו פֿאַרוואָס זשע פֿילט ער ניט קיין ווייטיק, עפּעס הערט ער נאָר, ווי די קאָנוואָירן געזעגענען זיך, דאַכט זיך, אַז מע געזעגנט זיך מיטן געשטופּלטן מאַכנאָוועץ און עס הילכן אָפּגייענדיקע טריט. וואָס זשע איז געשען?

מיט אַ פֿאַרשטאָרבן האַרץ און אָטעם, מיט אַ פֿאַרגליווערטן בליק איז ער געזעסן אַף די קאָרטעטשקעס, געטאַפּט די פֿינגער צי ער לעבט, אַלץ צוגעהערט זיך, ווי די שטילקייַט זשומעט, זשומעט אָן אַן אויפֿהער אין די אויערן, און לאַנג, לאַנג ניט געקאָנט טרעפֿן אַ צאָן אַף אַ צאָן.

ביסלעכווייז איז שולמאַן געקומען צו זיך און געוואָלט באַנעמען וואָס מיט אים איז געשען, נאָר פּיצלעך געפֿרוירענע געדאַנקען פֿלעגן אַף אַ רעגע אַרויסקריכן ווי פֿון אַ געדיכטן כוישעך, צונויפֿפלאָנטערן אין איין קנויל אַלע געשעענישן און פֿלעגן ווידער פֿאַרזינקען אין זעלבן כוישעך.

ניט דעם ערשטן מאָל איז שולמאַן געשטאַנען באַם שוועל פֿון טויט, נאָר אַזאַ מאָדנער פלאָנטער איז נאָך קיינמאָל מיט אים ניט פֿאָרגעקומען.

צוזאַמען מיט אַלע קאָמוניסטן איז ער באַם וואָקזאַל געשטאַנען אין דער פֿאָדערשטער ריי און געוואַרט אַפֿן טויט, נאָר זיי זייַנען אָנגעקומען און ער ניט.

אין אויער קלינגט אים נאָך מאַכנאָס געשריי „וועל איך דיר צעשיסן ווי אַ הונט". אָקאָרשט האָט אים האַווריושע געפֿירט צעשיסן און דאָך געלאָזט לעבן, וואָס-זשע טוט

זיִך דאָ? עפּעס שפּילט מיִט איִם דער טויט איִן אַ באַהעלטעניִש, אַ גאַנצן טאָג ער כאַפּט איִם אָן באַם גאָרגל און לאָזט איִם אָפּ, כאַפּט אָן און לאָזט אָפּ. נאָר וואָס-זשע וועט וויַיטער זיַין?

אַ לאַנגע צייַט איִז ער געזעסן אַ פּאַרטיִפֿטער איִן דער פֿראַגע, פֿון מאָל צו מאָל צוגעהערט זיך צום שטיִלן גערודער וואָס די עטלעכע וועכטער פֿירן איִן פֿאָדער-הויז און דאָרשטיִק געשלונגען דעם מאַכאָרקע-רויך פֿון זייערע ציִגאַרן, געשלונגען און געהאָפּט, אַז דער רויך וועט אויפֿשרויפֿן זיַינע געדאַנקען און ער וועט פֿאָרט דערטראַכטן וואָס וועט וויַיטער זיַין.

אַף דער פֿראַגע איז אָבער דער געדאַנק פֿאַרגליִווערט געוואָרן און געבוירן נאָר איין ענטפֿער—דער טויט.

נאָר וואָס מער שולמאַן האָט געטראַכט, אַז דער טויט איִז אומפֿאַרמיַידלעך, אַלץ הייסער האָט זיִך איִן איִם וויִדער צעוואַקסן אַ געהיימע פֿרייד, אַז דערוויַילע לעבט ער, לעבט און עפּעס קאָן מען נאָך אויפֿטאָן.

וואָס און ווי אַזוי וועט ער עפּעס אויפֿטאָן, איִז איִם איִצט נאָך ווייניִקער קלאָר געווען ווי דעמלט, ווען ער איִז געגאַנגען קייַן גוסאַרקע.

דעמלט איִז נאָך געווען אַ שטיִקל האָפֿענונג, אַז דער צוזאַמענשטויס מיִט מאַכנאָען וועט ניִט פֿאָרקומען אַזוי גיִך און עפּעס וועט ער צוטראַכטן, איִצט אָבער נאָך מאַכנאָס לעצטן אויסגעשריי, איִצט, אַז מע באַוואַכט איִם אַזוי שטאַרק, איִז דאָך אויסגעשלאָסן יעדער מעגלעכקייַט צו מאַכן פּלייטע. וואָס-זשע קאָן איִם ראַטעווען? עס קאָן דאָך איִם ראַטעווען נאָר אַן אָנפֿאַל מיִצאַד די רויטע, אָבער אַזאַ שטאַרקער און פּלוצלונגער אָנפֿאַל, ער, מאַכנאָ, זאָל אַפֿילע ניִט באַוויַיזן איִם צעשיִסן.

פֿונם געדאַנק איִז ער באַטרונקען געוואָרן, צענדליִקער מאָל איִבערגעטראַכט ווי אַזוי און ווען דער אָנפֿאַל דאַרף פֿאָרקומען, און אַ זיִכערער, אַז איִן שטאַב ווייסט מען שוין אַז ער איִז געפֿאַנגען און דער אָנפֿאַל וועט אומבאַדיִנגט פֿאָרקומען, נאָך איידער מאַכנאָ וועט איִם צעשיִסן, איִז ער איַינגעשלאָפֿן, דעם קאָפּ געלענט אַף די קני.

איַינגעשלאָפֿן שווער. נאָר איִן שלאָף דערפֿיִלט, אַז עפּעס איִז געוואָרן ליִכטיִק און עמיִצער מונטערט איִם.

— שולמאַן, אַ, שולמאַן.

אַז ער האָט געעפֿנט די אויגן, איִז קעגן איִם געשטאַנען מאַכנאָס ברודער—גריִשקע, געשטאַנען מיִט אַ ליִכט איִן האַנט און היִלכיִק געלאַכט.

— אַי, בראַטיִשקע, כראָפּעסטו, מאַמעש ווי נאָך אַ גוטן טרונק בראָנפֿן. אַי אַ כראָפּ.

ערשט איִצט האָט שולמאַן דערזען, אַז איִן קלאַדאָווקעלע שטייען צוויי איִבערגעקערטע קליינע פֿעסלעך. אַף איין פֿעסעלע האָט זיִך גריִשקע צוגעזעצט, אַפֿן צווייטן פֿעסעלע צוגעקלעפּט די ליִכט.

— נו, שולמאַן, וואָס-זשע מאַכסטו? שטעל דיִך פֿאָר, אַז דו ביִסט צו מיִר אַריַינגעקומען מיִט די קאָנוואָיִרן, האָב איִך דיִך גאָרניִט דערקענט. עפּעס זע איך אַ באַקאַנט פּאָניִם און קאָן זיִך ניִט דערמאָנען ווער ביִסטו. רויכערסט, דאַכט זיִך? נאַ פּאַרויכער.

— איִך קען ניִט, די הענט זיַינען מיִר געבונדן.

וואָ-אָ-ס! געבונדן, אך, סוואָלאָטשעס, ביִז איִצטער האַלט מען אַ מענטשן מיִט געבונדענע הענט? טייקעף צעבונדן—האָט ער אַ געשריי געטאָן צו די דריַי וועכטער,—אַי-אַי-אַי. געזען אַ שפּיִצל, ביִז איִצט נאָך געבונדן און הונגעריִק מיִסטאָמע ביִסטו ווי אַ הונט? נו באַלד וועלן מיִר אַלץ פֿאַריִכטן. הער נאָר, געשטופּלטער, גיי אַריַין צום קאָמענדאַנט און זאָג איִם איִן מיַין נאָמען, אַז ער זאָל טייקעף געבן עסנוואַרג, נאָר וואָס מערער און פֿאַר די וועכטער אַ קאַהאַנעץ אָדער אַ לעמפּל.

די גרויל פֿון די לעצטע איִבערלעבעניִשן איִז נאָך ניִט אויסגעוועפּט געוואָרן פֿון די גליִדער, און דאָס גאַנצע לייַב האָט אַזוי געווייטיִקט, פּונקט ער איִז אָקאָרשט פּאָטער געוואָרן

פֿון אַ שווערן דויערנדיקן פֿיבער, נאָר די שיין, די אויפֿגעבונדענע הענט, די יעדיע וועגן עסן האָט אים ווידער דערמאָנט וועגן לעבן און צעבליט אַף זײַן פּאָנים אַ צופֿרידן שמייכעלע.

אַפֿן פּעסעלע איז גרישקע געזעסן מיטן לאַנגן טשיביק אין מויל און געפּלאַפּלט וועגן די היצן, וועגן די שווערקײַטן, וואָס מע שטייט אויס ביז מע קריגט געגוג פֿוראַזש פֿאַר די אַטריאַדן און וועגן די אויסטרײַכישע ביקסן, וואָס טויגן אַפֿן פֿײַער.

פֿון זײַנע רייד איז שולמאַנען קלאָר געוואָרן, אַז ניט וועגן דעם איז גרישקע געקומען. פּלאַפּלען פּלאַפּט ער איינס, און מיינען מענט ער עפּעס אַנדערש. נאָר וואָס פֿאַר אַ מיין ליגט אין זײַן קומען.

דעע טויט הויבט ווידער אָן די שפּיל אין באַהעלטעניש?

באַ דער אָפֿענער טיר זײַנען געשטאַנען די דרײַ וועכטער, געפּיפּקעט און גײַגעריק געקוקט ווי איילוק שולמאַן עסט און שלינקט אַראָפּ ניט קײַן צעקײַטע ביסנס.

— נו, וואָס דאַרפֿט איר דאָ! — האָט גרישקע אנגעשריגן אַף די וועכטער — מאַרש אַפֿן פּאָסט און פֿאַרמאַכט די טיר.

גרישקע האָט אַרויסגענומען פֿון מויל דעם טשיביק, נעענטער צו שולמאַנען צוגערוקט דאָס פּעסעלע און שטיל געווענדעט זיך צו אים:

— נו, זאָג מיר נאָר, שולמאַן, ווו איז דײַן קאָפּ, נעסטער איז צו דיר מיטן גאַנצן האַרצן, און דו שפּײַסט אים אין פּאָנים — באַנדיט, בלוטזויגער. צו וואָס, פֿרעג איך דיך, טוסטו דאָס, נעסטערן קאָנסטו דאָך, הײַנט האָט ער דיך נאָר אָנגעשראָקן און מאָרגן וועט ער דיך טאַקע צעשיסן.

פֿונם וואָרט צעשיסן האָט ער מיטאַמאָל פֿאַרלאָרן דעם אַפּעטיט און פֿאַר די אויגן דערזען ניט גרישקן, נאָר די צוויי געפֿאַנגענע יונגע אָפֿיצערלעך, וואָס זײַנען אין שטיבל געזעסן מיטן פּאָנים צום באַזוניקטן פֿענצטער בעשאַס ער האָט זיי געמישפּעט. געזעסן זײַנען זיי פֿאַרקלעמטע, פֿאַרבענקטע, דאָרשטיק געקוקט צום בלויען הימל און אויך אויפֿגעציטערט פֿונם וואָרט „צעשיסן".

איילגנטלעך איז דאָך גרישקע גערעכט, וואָס פֿאַר אַ נוץ איז אַרויסגעקומען פֿונם קריגערײַ מיט מאַכנאָען, זײַן קאָפּ וועט ער אים אַרופּשטעלן, צי פֿון זײַנע זידל-ווערטער וועט מאַכנאָ ווערן אַנדערש? וואָלט דען ניט קליגער געווען לאָזן זיך קלוימערשט אײַנריידן און באַ דער ערשטער געלעגנהײַט מאַכן פּלייטע, נאָר וואָס פֿאַר אַ סאָד ליגט אין גרישקעס איצטיקן קומען, איזן איז ער דאָך נעסטערס אַ שאַליעך און מיט וואָס איז דאָס מאַכנאָ אַזוי פֿאַרינטערעסירט אין שולמאַנען.

— זאָג מיר נאָר, גריגאָרי איוואַנאָוויטש — האָט שולמאַן נייגעריק געווענדט זיך צו גרישקען — וואָס פֿאַר אַ שפּיצל ליגט אין נעסטערס פֿאָרשלאַג, איך זאָל איבערגיין צו אים אין אַרמיי?

— קײַן שום שפּיצל, הערסט, שולמאַן, באַם ערן-וואָרט, קײַן שום שפּיצל, קאָמאַנדירן פֿעלן, גוטע קאָמאַנדירן, דערצו נאָך, פֿאַרשטייסטו, קניפּט זיך אַ גרויסער פּלאַן מיקויעך אַן אָנגריף אַף קרים צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס, און דעם שטאַב אונדזערן קענסטו דאָך, אַלץ באָסיאַטשינאַ, דעם עמעס זאָגן, טאַקע פּראָסטע באַנדיטן, דאַרף מען אַ פּאָר אָנשטענדיקע קאָמאַנדירן און זאָלן די באָלשעוויקעס...

ערשט איצט איז אים קלאָר געוואָרן צו וואָס מאַכנאָ דאַרף אים, צו זײַנע איצטיקע קאָמאַנדירן וועלן די באָלשעוויקעס ניט האָבן קײַן צוטרוי, וויל ער, הייסט עס, מיט אַזוינע ווי שולמאַן פֿאַרשלייערן דעם באַנדיטישן פּאַרצעף פֿון זײַן שטאַב, מיט די שולמאַנס וויל מאַכנאָ מערער איממפּאָנירן די באָלשעוויקעס, בייס די אונטערהאַנדלונגען וועגן דעם געמיינזאַמען אָנגריף אַף קרים און באַקומען פֿון זיי מערער געווער, מער אַמוניציע, מער געלט און דערנאָך ווידער פֿאַראַטן ווי אין פֿאָריקן מאָל? ניין, אַף אַזאַ נידערטרעכטיקײַט וועט

שולמאַן ניט גיין, אָבער אויסנוצן דעם פֿאָרשלאַג און דערמיט אָפּציִען דעם טויט, דאָס מוז ער טאָן.

די גאַנצע צײַט, וואָס שולמאַן האָט געטראַכט, איז גרישקע געזעסן מיט צעשפּרייטע פֿיס, די פֿינגער געפֿלאָכטן און און פּיפּקענדיק דעם טשיביק, נײַגעריק געוואַרט אַף שולמאַנס ענטפֿער:

— נו, שולמאַן, וואָס זשע זאל איך איבערגעבן נעסטערן?

— זאָגן וועלן איך, גריגאָרי איוואַנאָוויטש—האָט שולמאַן אָנגעהויבן זאָיען אַ וואָרט נאָך אַ וואָרט און קלוימערשט ווידער ערנסט פֿאַרטראַכט זיך.—זאָגן וועל איך אַט וואָס: דער פֿאָרשלאָג איז דאָך, פֿאַרשטייסטו מיך, אַביסל אַ ציקאַווער און צעשיסן מיך וועט נעסטער ניט פֿאַרשפּעטיקן אי מאָרגן, אי איבערמאָרגן, איז גיב מיר אַ טאָג אָדער צוויי און איך וועל זיך באַטראַכטן ווי געהעריק.

— קלוג און ערלעך, מיטן גרעסטן פֿאַרגעניגן—איז גרישקע דערפֿרייט געוואָרן מיטן ענטפֿער, דערלאַנגט שולמאַנען די האַנט, און אַרויסגייענדיק אין פֿאָדער-הויז, באַפֿוילן, אַז צוויי זועכטער זאָלן גיין שלאָפֿן און אַפֿן פּאָסט זאָל בלײַבן נאָר איינער.

דער געשטופּלטער מאַכנאָוועץ איז אַרײַן אין קלאַדאָווקע, גענומען אַ פּעסעלע און גוטברודעריש אַ ווינק געטאָן צו שולמאַנען.

דעם געשפּרעך מיט גרישקען האָט ער, אַפּאָניִם, געהערט און, פֿאַריגלענדיק די טיר, איז ער אַף עטלעכע מינוט געבליבן שטיין באַם לאָך, וואָס פֿאַרן שײַבל און אָנגעהויבן רייצן שולמאַנען, ער זאָל אָנעמען מאַכנאָס פֿאָרשלאַג.

— איך וועל באַ דיר זײַן אַן אָרדינאַרעץ, ווײַבער איז פֿאַראַן גענוג און ביז די רעוואָלוציע וועט זיך ענדיקן, קאָן מען אָפּהולען אַ שיינעם טאָג.

— יאָ, יאָ—האָט שולמאַן צוגעבאָמקעט מיט אַ קינסטלעכער צופֿרידנקײַט.—אַ הוליע טאָן, קאָן מען.—און ערשט איצט אָנגעהויבן באַנעמען, ווי נידערטרעכטיק איז אָט דער נעסטער מאַכנאָ. מיט די באָלשעוויקעס פֿירט ער אונטערהאַנדלונגען וועגן אַ געמיינזאַמען אָנגריף אַף וראַנגעלן און איינצײַטיק צעשיסט ער די רויטע קאָמאַנדירן און די אַרמייער-קאָמוניסטן. ווי זשע קאָן מען גלויבן אָט דעם יעזויִט, ווי קאָן מען בּיכלאַל פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיט דעם, וואָס האָט שוין איינמאָל פֿאַראַטן דער ראַטן-מאַכט און באַ דער ערשטער געלעגנהײַט וועט ער אַ צווייטן מאָל פֿאַראַטן. ניין, ער, שולמאַן, מוז זיך אויסדרייען פֿון מאַכנאָס הענט, נאָר ווי אַזוי?

אַ לאַנגע צײַט איז ער געזעסן ווי אַ פֿאַרגליווערטער, אַלץ געטראַכט ווי אַזוי זאָל ער זיך אויסדרייען פֿון מאַכנאָס הענט, נאָר ערשט איצט איז אים קלאָר געוואָרן, אַז דער פֿריערדיקער פּלאַן טויג לאַכלוטן ניט, ווײַל אויב אין שטאַב ווייסט מען שוין, אַז ער איז געפֿאַנגען און אַן אָטריאַד שפּאַנט אַהער, וועט מאַכנאָ באַפֿוילן, מע זאָל שולמאַנען צעשיסן איידער נאָך דער אָטריאַד וועט פֿאַרנעמען דאָס דאָרף.

קלאָר, אַז מע דאַרף מאַכן פּלייטע, נאָר אויב לויפֿן, איז טאַקע איצט. און מיט דעם געדאַנק איז ער אויפֿגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צום טיר.

געווען איז שוין אַפּאָניִם נאָך האַלבער נאַכט, דער געזאַנג, דער געלעכטער, די קלאַנגען פֿון די האַרמאָשקעס, וואָס זײַנען פֿריער דערשוומען אין קלאַדאָווקעלע, זיינען איצט אינגאַנצן פֿאַרשטומט געוואָרן און נאָר די שטילקײַט זשומעט הילכיק אין די אויערן.

שטייענדיק באַם טיר, האָט שולמאַן ווידער דערפֿילט ווי שטאַרק דער ביס בריט אים אין פֿוס, ניט אַנדערש, אַז דער הונט איז געווען אַ מעשוגענער, און אויב ער וועט ניט אַנטלויפֿן, וועט ער אַדער צעשאָסן ווערן, אָדער רירן זיך פֿון זינען.

אין פֿאָדער-הויז איז אַף דער ערד געשטאַנען אַ שערבל און אינעם שערבל האָט געראויכערט אַ פֿעט קנויטל.

צוגעשפּאַרט מיִט דער פּלייצע צום טיִר פֿון דער פֿאָדערהויז, איִז דער געשטופּלטער מאַכנאָוועץ געזעסן אַפֿן פֿעסעלע, די ביִקס צווישן די פֿיִס, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן אַפֿן ברוסט די דייַטשישע קאַסקע ביִז די אויערן און געדריִמלט ווי אונטער אַ קייַלעכיִק דעכל.

פֿון לאָך, וואָס פֿאַרן שייַבל, האָט שולטאַן געקוקט אַפֿן מאַכנאָוועץ און מיִט אַ פֿאַרשפּיִצטן אויער אייַנגעהערט זיִך צי איִן דרויסן אַרום שטוב שפּאַנט ניִט אום קייַן צווייטער וועכטער.

ניין, קייַן טריִט, קיין שום גערויש, הערן הערט זיִך נאָר ווי דער מאַכנאָוועץ אָטעמט מיִט אַ געפֿייַף, און דאָס אייגן האַרץ קלאַפּט גיִך און היִלכיִק.

איִצט איִז פּונקט די צייַט צו לויפֿן, פּונקט איִצט, נאָר דער מאַכנאָוועץ האָט זיִך פּלוצלונג אויפֿגעכאַפּט, אָנגעהויבן קראַצן זיִך און פֿאַרשעלטן דאָס ביִטער לעבן.

אַף אַלע פֿיִר איִז שולמאַן צוגעקראָכן צום וואַנט און אַוועקגעלייגט זיִך מיִט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם און קלאַפּנדיִק האַרץ.

אַ פּאָר מאָל איִז זיִך דער מאַכנאָוועץ דורכגעגאַנגען איִבערן פֿאָדערהויז. מיִטן רויכנדיִק שערבל צוגעגאַנגען צום טיִר, אַ קוק געטאָן צו שולמאַן איִז איִן קלאַדאָווקעלע און איִנגיִכן ווידער אָנגעהויבן פּייַפֿן מיִט דער נאָז.

מיִט אַלע גליִדער האָט זיִך שולמאַן צוגעהערט צו זייַן שנאָרכן, און פֿון אַלע זייַנע גליִדער איִז צום מאַכנאָוועץ געשווומען אַ היִפּנאָזיִשער באַפֿעל—שלאָף איין, שלאָף איין, שלאָף איין.

ווי נאָר דאָס שנאָרכן איִז שטאַרקער געוואָרן, איִז שולמאַן ווידער אויפֿגעשטאַנען און אָנגעהויבן טראַכטן, אַז אויב ער וועט איִצט ניִט לויפֿן, וועט ווערן טאָג און דעמלט איִז אַ סאָף, נאָר דער מאַכנאָוועץ זיִצט דאָך באַם טיִר, און קעדיי ער זאָל זיִך אַרויסרייַסן, מוז ער איִם אָפּראַמען פֿון וועג, ער, שולמאַן, וועט אומברענגען אַ פּויער, וואָס איִז הייַנט אַ מאַכנאָוועץ און איִן אַ וואָך אַרום קען ער ווערן אַ רויטאַרמייער און עפּשער אַפֿיִלע אַרייַנטרעטן איִן פּאַרטיי?

אַף אַ לאַנגער צייַט האָט זיִך איִן שולמאַנען אָנגעהויבן אַ געראַנגל וועמעס לעבן איִז ביִלכער, דעם מאַכנאָוועץ, צי זייַנס. ער שולמאַן, דער קאָמוניִסט, מעג זיִך באַפֿרייַען פֿון טויט, איִבערטרעטנדיִק איִבער אַ צווייט אומשולדיִק לעבן, צי ניין?

איִן איין העלפֿט מויעך איִז פֿאָרגעקומען דאָס געראַנגל צי מעג ער, צי ער טאָר ניִט איִבערטרעטן איִבערן מאַכנאָוועץ. איִן צווייטער העלפֿט מויעך איִז אָבער געלעגן אַן אַקשאָנעסדיִקער געדאַנק, געלעגן ווי אַ שווערער שטעכעוודיִקער קנויל, און דורכן אָנגעשטרענגטן צונויפֿגעזשמורעטן בליִק היִפּנאָזיִש באַפֿוילן דעם מאַכנאָוועץ, ער זאָל אייַנשלאָפֿן, אייַנשלאָפֿן, אייַנשלאָפֿן.

פּלוצלונג האָט שולמאַן אַ הוסט געטאָן און געמיינט, אַז דער וועכטער וועט זיִך אויפֿכאַפּן. ניין, ער שלאָפֿט.

דאָס האַרץ איִז איִנגאַנצן פֿאַרגליווערט געוואָרן, איִן די אויערן אַ פֿאַרטויבנדיִק גערויש און איִן אַלע גליִדער,—אַ שווערער, טרייסלענדיִקער פֿיִבער. באַלד, באַלד, אָדער דער טויט, אָדער די פֿרייַהייַט.

ניִט אָפּווענדנדיִק זייַן באַפֿוילעריִשן בליִק פֿונם מאַכנאָוועץ, האָט ער פֿאַרוקט די האַנט איִן לאָך, וואָס פֿאַרן שייַבל, שטיִל, שטיִל אָפּגערוקט דעם ריִגל, אַף די שפּיִץ פֿיִנגער צוגעגאַנגען צום וועכטער און פּלוצלונג איִם אָנגעכאַפּט באַם גאָרגל.

דער מאַכנאָוועץ איִז אויפֿגעשפּרונגען, אומגעוואַלגערט דאָס פֿעסעלע, אַרויסגעלאָזט די ביִקס און מיִט אַ פֿאַרגלייזטן בליִק נאָר איין-איינציִק מאָל אַ קוק געטאָן אַף שולמאַנען און מער שוין ניִט באַוויִזן פֿאַרמאַכן די אויגן.

שולמאַן האָט זיִך אָבער פֿאַר עפּעס פֿאַרטשעפּעט, אַ פֿראַל געטאָן צוזאַמען מיִטן מאַכנאָוועץ. און אַ זיִכערער, אַז דעם היִלכיִקן פֿראַל האָט מען באַשטיִמט דערהערט און אַלץ

איִז פֿאַרלוירן, איִז ער פֿאַרגליִווערטער געבליִבן ליִגן אַפֿן טויטן מאַכנאָוועץ און נאָך שטאַרקער אײַנגעטרונקען זיִך איִן זײַן גאָרגל.

דיִ פּאָר מיִנוט, וואָס שולמאַן איִז געלעגן אַפֿן טויטן, האָבן איִם אויסגעדוכט וויִ לאַנגע פֿײַניִקלעכע שאָען. אָט באַלד וועלן דיִ מאַכנאָווצעס אַרײַנלויפֿן און אַ סאָף. נאָר ניין, קיינער לויפֿט ניִט, קיינער גייט ניִט, קיינער רוישט ניִט. רוישן רוישט נאָר דאָס בלוט איִן דיִ אייגענע אויערן, און ס'איִז פֿאַרשטאָרבן דער אָטעם.

אַף אַלע פֿיִר איִז שולמאַן אַוועקגעקראָכן איִבער דער פֿיִנצטער געוואָרענע פֿאָדערהויז געפֿונען דיִ ביִקס, געפֿונען דיִ קאַסקע, און עפֿענענדיִק שטיִל דיִ טיִר, פֿלוצלונג דערזען, אַז באַם טויער שטייען צוויי וועכטער.

אַף איין רעגע איִז ער אַ פֿאַרגליִווערטער אײַנגעוואקסן איִן דער וואַנט אַרײַן און ניִט געקאָנט ריִרן זיִך פֿונם אָרט, פֿאַר דיִ אויגן—ניִט דיִ צוויי וועכטער, נאָר דער פֿאַרגלייזטער בליִק פֿונם דערוואָרגענעם מאַכנאָוועץ.

דער גרויל, די שרעק, דאָס גערויש איִן דיִ אויערן, אַלץ איִז מיִטאַמאָל צערונען און ויִ איִן אַלע סאַקאָנעסדיִקע מאָמענטן איִז ער אויך איִצט באַהערשט געוואָרן פֿון אַ קאַלטער גליִווערדיִקער רויִקײַט, און אַן אויסגעצויגענער אַף דער ערד, איִז ער אַף אַלע פֿיִר אַוועקגעקראָכן טיִף איִן הויף אַרײַן, אַוועקגעקראָכן און איִבערגעשפרונגען דעם ערשטן פּלויט, דעם צווייטן פּלויט, גנייוויִש געקראָכן פֿון גאָרטן צו גאָרטן, געראַנגלט זיִך מיִט הינט און לעסאָף אַרויס פֿון דאָרף איִן ברייטן פֿעלד אַרײַן.

דאָס פֿערטל לעוואָנע מיִט דיִ צוויי שוואַרצע שפּיצן איִז שוין געלעגן האַרט באַם זוים פֿון האָריִזאָנט, געלעגן ויִ אַן אָפּגעשונדן בלוי געוואָרן כאַזערל מיִט די פּיִסלעך אַרוף.

ערשט איִצט האָט שולמאַן אָנגעהויבן לויפֿן, אָבער ניִט אַפֿן אויסגעפֿאָרענעם וועג, נאָר איִבער דיִ באַוואַקסענע פֿעלדער.

פֿונוויַיטן האָבן געווונקען דערפֿער, צוויי לאַנגע שניִרלעך רעלסן, און שולמאַן איז אַלץ געלאָפֿן, געלאָפֿן אַ זיִכערער, אַז אויב מע וועט איִם אַפּיִלע אָניאָגן, האָט ער אַ ביִקס און קײַן לעבעדיִקער וועט ער זיִך ניִט אָפּגעבן.

אַ נאַסער, אַ מיִדער איִז ער אָפּגעלאָפֿן אַ וויאָרסט צוועלף און קיינעם ניִט באַגעגנט. אַלץ, וואָס מיִט איִם איִז פֿאָרגעקומען פֿאַרן מעסלעס, איִז ויִ אויסגערונען פֿון זיִקאָרן און פֿאַרן בליִק זײַנען נאָר געשטאַנען דיִ פֿאַרגלייזטע אויגן פֿונם דערוואָרגענעם מאַכנאָוועץ.

מיִט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם, מיִט אונטערגעהאַקטע פֿיִס איִז ער אַרופֿגעלאָפֿן אַף אַ קוקורוזע-פֿעלד און געפֿאַלן צוויִשן דיִ צעשפּרייטע גריִנע צווײַגן.

אופֿגעגאַנגען איִז דיִ זון און צוזאַמען מיִט איִר איִז איִן האַרצן אופֿגעגאַנגען אַ זיִסע, זיִכערע פֿרייד, אַז דאָ איִן דער קוקורוזע איִז ער געראַטעוועט. ביִז נאַכט וועט ער דאָ אָפּליִגן, דערנאָך דעריאָגן דעם באַטאַליאָן און ווידער קעמפֿן.

---

אַ. יודלסאָן.

# נעגאָרעלאָיע.

(פּאָעמע).

На гиризонте—
белое.
Снега
и Негорелое.
*В. Маяковский.*

I

אַ לעצטן גרוס דיר, שטאָט מײַנע, די ליטווישע, די פּוילישע,
אַ לעצטן גרוס!
אַף אומבאַשטימטער צײַט
כ'לאָז דיך איבער, שטאָט מײַנע, מיט קלויסטערן קאַטוילישע,
מיט טפּיסע-ווענט פֿאַרמויערטע און דעפּענזיווע-לײַט.

ביסט ליב אַזוי מיר, שטאָט מײַנע, ווי ליב עס איז די מאַמע מיר,
ווי ליב מיר זײַנען מײַנע צוואַנציק יאָר,
און דאָך—ווי וואָלט זיך וועלן מיר פֿאַרברענען און פֿאַרסאַמען
דײַן אַלטן קלויסטערישן דאָר...

אַ לעצטן גרוס אײַך, פֿרײַנט מײַנע, איר, ברידער מײַנע טײַערע,
איך פֿאָר אַוועק און ווייס ניט אַף ווי לאַנג,—
ס'האָט אַ געגנט אויפֿגעוואַכט אין פֿלאַם פֿון גרויסע פֿײַערן,
ווילט זיך דאָרט צעזינגען מײַן געזאַנג.

ס'איז זייער שווער פֿאַרלאָזן אײַך און שווער איז זיך געזעגענען,
נאָר כ'ווייס: עס וועלן פֿײַערן נאָך פֿלאַקערן אויך דאָ—
אַ לעצטן גרוס אײַך, טײַערע, מיר וועלן זיך באַגעגענען,
כאָטש מיר קאָנען הײַנט נאָך ניט באַשטימען יענע שאָ...

II

רעדער קלאַפּן, רעדער שווינדן,
יאָגט אַ צוג און יאָגן ווינטן,

און צעברויזטע יונגע בלוטן
יאָגן, ציילן די מינוטן,

ס'האָבן בלוטן זיך פֿאַרמאָסטן
מיט די שלינגענדיקע וויאָרסטן,

טראָגן רעדער זיך און קלאַפּן—
קוים דעם אָטעם צו פֿאַרכאַפּן,

טרייסלען, ציטערן די שויבן—
ס'טראָגט אַ צוג זיך פֿײַל פֿון בויגן — — —

וואָס איז פֿרי און וואָס איז שפּעט—
ס'גייט אַ צוג אין אַ געוועט...

III

נאָך אַ דריי פֿון די רעדער, נאָך אַ שלעפּ, נאך אַ ציִ,
און אָט איז די לעצטע שוין סטאנציע
סטאָלבציִ.

אַ וועלדל אַ קליינער מיט בוימער געדיכטע,
שטייען סאָלדאַטן פֿאַראַקשנט און ניכטער,

שטייען, און קוקן, און קריצן מיט ציין—
ווער ווייס, וואָס זיי ווילן, ווער ווייס זייער מיין,

אין רויטלעכן הימל צעוואַקסט זיך אַ טאָג—
נאָך איין דריי פֿון די רעדער, נאָך איין ציִ, נאָך איין יאָג...

IV

כ'האָב דיר, גרעניץ-פּונקט, ביז איצטער ניט געקענט—
ווייס איך ניט, פֿונוואַנען שטאַמט דיין נאָמען,
מע דערציילט, דו האָסט אַסאַך געברענט,
האָבן לייצים דיר געגעבן אַזאַ נאָמען,
— נעגאָרעלאָיע —
— ניט געברענטער ראַנד—
טראָגסט בעעמעס אַזאַ מאָדנעם נאָמען,—
רויטער שוועל פֿון פּוילן און פֿאַרבאַנד,
ערשטער פֿלאַטער-גרוס פֿון רויטע פֿאָנען...

נעגאָרעלאָיע!
ניטגעברענטער פּאַס—
ניט קיין רעמעז זוך איך אין דיין נאָמען,
נאָר פֿאַרוואָס
פֿרישט אוף זיך דאָ אַ האַס,
און פֿאַרוואָס-זשע
צווינגסטו זיך דערמאָנען—
וועגט פֿאַרמויערטע
און פֿעסטע, ווי גראַניט,
פֿריינט פֿאַרשמאַכטע
הינטער גראָבע שלעסער...
וואָס-זשע האָסטו
דורכגעפֿירט אַ שניט
איבער ערד
ווי מיט אַ שאַרפֿן מעסער...

נעגאָרעלאָיע!
שוואַרצער-רויטער שוועל—
גרעניץ-סלופּ פֿון לאַנד
וואָס האָט נאָך ניט געפֿלאַקערט,

עפּשער איִז דיַין נאָמען
אַ באַפּעל,
צוּ דער זיַיט, ווּ ס׳האָט
דיַין פאָן נאָך ניט געפּלאַטערט?
עפּשער ביִסטוּ גאָר,
דוּ, גרעניצדיִקער פּאַס,
אַן אָנזאָג פאַר די׳ פּריַינט,
אַן אָנזאָג פאַר די׳ סאָניִם?
עפּשער האָבן גאָרניִט
לייציִם אַף צוּ שפּאַס
דיר געגעבן אַזאַ מאָדנעם נאָמען?
— נעגאָרעלאָיע.

V

פאָרויס, פאָרויס איִן אומבאַקאַנטע וויַיטן,
ווער וועט עס פרוּוון אָפּהאַלטן דעם צוּג?
ווען ס׳שפּרייט אַ נייַע וועלט זיִך אויס איִן אַלע זיַיטן,
ווער וועט עס וואָגן אויסשריַיען:
„גענוּג״?

איִז זאָל טראָגן זיִך דער צוּג ווי׳ איִן אַ וויִכער,
און זאָל ער שליִנגען וויאָרסטן נאָכאַנאַנד —
כ׳ביִן נאָך קיינמאָל ניִט געווען אַזוי זיִכער,
אַף דער וואָר צוּ זען אַ פריַיע לאַנד...

טראָג זיִך גיִכער איִן די׳ ברייטע וויַיטן,
פעסטער קלאַפּן זאָל דיַין וויאָרסטן-שפּאַן—
ס׳איִז אַ גלויבן איִן אַ לעבן אַ באַניַיטן
איצט
פאַראַן!...

VI

ווּ קאָן זיַין אַצינד די׳ מאָס פאַר פרייד,
און ווער קען אויסמעסטן די׳ וויַיט פוּן ביִז און נאָכן גרעניִץ,
עס האָט צעפלאָכטן זיִך אַזאַ מיִן אוּנטערשייד
פוּן דעם, וואָס איִז און וואָס געווען איִז.

אַף גאַסן רוישיִקע, וואָס זיַינען מיִר נאָך פרעמד,
צעזיִנגט אַ פרייד זיִך דאָ איִן אַלע מיַינע גליִדער,
איִך וואָלט דאָ יעדערן — ווען כ׳וואָלט זיִך ניִט געשעמט —
איִן מיִטן גאַס צעקושט, צעהאַלדזט, ווי׳ בריִדער.

יעדער איינער טראָגט דעמזעלבן האַס,
און דעמזעלבן פרייד-געשריי און צאָרן...
בריִדער טיַיערע! איִך האָב זיִך דאָ איִן גאַס
היַינט דערפיִלט ווי׳ פוּנדאָסניַי געבאָרן.

## VII

פון ווילנע ביז מינסק אזוי נאָנט, אזוי ווייט,
פון ווילנע ביז מינסק אזא טקופע אין צייט.

ליגט ווילנע פארגליווערט אין בלעטער-גערויש,
און דאָ אזא ראש און דאָ אזא ברויז.

דאכט זיך ערשט נעכטן—און אלץ ווי אין פלאמען,
דיין קלויסטערשע שטילקייט ווו איז, אָסטראָבראמא*)...

געסעלעך קליינע, געסעלעך שמאָלע,
קויטיקע בלאָטעס, בערגלעך און טאָלן—

פונקט ווי אין ווילנע, אלץ אזוי נאָנט
און דאָך האָב איך היינט זיך אליין ניט דערקאָנט...

געסעלעך שמאָלע, געסעלעך קליינע
פארוואָס איז אזוי שווער מיר דאָ זיך צו געוואָינען?

## VIII

קליינע, פראָסטע שורעלעך אין צייטונג אף פעטיט
דערציילן אָפט די מעכטיקייט פון דיינע יונגע שריט,

אין די כראָניק-שורעלעך אף דער לעצטער זייט—
— א פאבריק ווערט אויסגעבויט, א זאוואָד באנייט,

— דריי זאוואָד גייען איבער שוין אף זיבן שאָ — — —
און אזוי אין יעדן נומער, טאָג פאר טאָג,

ערגעץ-ווו פארוואָרפענע שורעס אף פעטיט
דערציילן מיר די מעכטיקייט פון דיינע יונגע שריט...

## IX

ווי לאנג ס'געהערט נאָך ניט דער נעכטן צום אמאָל,
איז שווער צום פעסטן טראָט געוואָינען מיינע פיס—
פארשטיק איך אָפט נאָך היינט אין זיך דעם קאָל
בא די ווערטער „ג. פ. או.“ און „קאָמוניסט“.

און ס'טרעפט גאנץ אָפט נאָך היינט באם גיין אין גאַס
איך זאָל מיך אומקערן א קוק טאָן, צי מען „שפיקט“—
ס'האָט אין ציטער אין פארקראמפטן האַס
זיך א לעבנלאנג געהאָדעוועט מיין בליק...

איז נאָך שווער זיך דאָ אין לאנד פארפלעכטן,
איז נאָך שווער פארגעסן אלטע טעג—
כאָטש איך ווייס, אז צווישן היינט און נעכטן
ליגט א ווייטער וועג...

*) אָסטראָבראמא—די קלויסטער־גאַס אין ווילנע, א הייליקע גאַס.

X

איִז וואָס, אַז מיִר איִז דאָ געוואָינען זיִך נאָך שווער,
פֿאַראַן אַ דאָר, וואָס דאַרף זיִך ניִט געוואָינען,
איִך האָב באַגעגנט היינט אַ יונגן פּיאָנער,
האָט ער מיִר דערציילט פֿון אַ כאַוועך לעניִן.

פֿון יונגע אויגן האָבן שאַרף געדעט,
אַז אויב איִך קום פֿון דאָרט, טאָ זאָל איִך איִם דערקלערן
פֿאַרוואָס איִז דאָרט ניִטאָ נאָך קיין סאָוועט,
און ציִ איִז דאָרט פֿאַראַן אַ קלוב פֿאַר פּיאָנערן.

און פֿאַרוואָס-זשע קומט מען ניִט צוגאַסט,
אויב ס'איִז וויִלנע אַזוי נאָענט פֿונדאַנען,
און צי עמעס איִז, אַז ס'ווערן דאָרט געהאַסט
אַלע אַרבעטער, וואָס זיינען דאָרט פֿאַראַנען.

און נאָך, און נאָך האָט ער בײַ מיִר געפֿרעגט
מיִט יונגן ברען איִן ברוינלעכע שוואַרצאַפּל—
און כ'האָב דערפֿיִלט: אַ יונגער דאָר פֿאַרמעקט
אַ דוירעסלאַנגן שוואַרצן יאָרן-שטאַפּל...

מיִנסק, 1929 י.

מ. שאַפּירא.

# זיין איידעלער פּאסאָן.

ד ע ר צ י י ל ו נ ג.

## אַ גאַסט אין שטעטל.

אַ וויאָרסט פאַר זעמבערלע, אין דערפל באַלטערמאַנץ האָט אַלטער דער ניכטערער אַראָפּגעלאָזט די צוויי אויספּירקאָמצעס, און אַפן וואָגן באַ אים איז פאַרבליבן דער איינ-ציקער פּאַסאַזשיר—דער גאַסט, וואָס ער פירט קיין זעמבערלע. אַלטער איז געווען צופרידן, וואָס דער גאַסט וועט זיך מיט קיינעם ניט פאַרמישן. ער האָט ליב געהאַט, אַז ער ברענגט אַראָפּ עמיצן, זאָל זיך גאַנץ שטעטל אַ רודער טאָן... דערצו האָט נאָך אַלטער געהאַט אָפּגעצויגן דעם אָטעם מיט אַ פּאָר גלעזלעך פּערציקער אין דאָרף זעלענע, וואָס ליגט פּונקט אַף האַלב וועג צווישן ווערייקע מיט איר וואָקזאַל און זעמבערלע. איז ער שוין איצט געווען גאָר אויפגעלייגט. ער האָט זיך אַזש געריבן די הענט פאַר טאַינעג, ווי אַזוי זיי וועלן דאָס אין שטאָב עסן אים מיט די אויגן:

— וועמען האָט עס אַלטער געקאָנט ברענגען?

אַלטער האָט באַוויזן מיט דער בייטש אַף דעם שטיינערנעם פאַרקאַן, וואָס איז אַנט-קעגן זיי אויסגעוואַקסן מיט אַ פּאָר מיניאָנים פאַרדאַרטע ראַבינע-בוימער, און ער האָט אַ זאָג געטאָן צום פּאַסאַזשיר:

— טאָוואַרישטש! דאָס איז דאָך שוין דער זעמבערלער בייסוילעם!

דער פּאַסאַזשיר האָט אַ גלאָץ געטאָן מיט די אויגן פון אונטער די פּענסנע אַרויס, און ער האָט ניט אויפגעהערט צו טרייסלען זיך אַף זיין געזעס; דער וואָגן האָט זיך אַלץ געקוליעט איבער דעם צעגעזיקטן פאַרפייסעכדיקן וועג. אַלטער האָט אָפּגעשטעלט די פערד, ער האָט אַרויסגענומען פון וואָגן דעם גרויסן גלאָק, אָנגעטאָן אים גיך אַפן קאַשטאַן און זיך אָװעקגעיאָגט מיט אַ קלונג גלייך אין זעמבערלע. ער האָט אַזוי דורכגעליאַרעמט די טעפּער-גאַס, אַריינגעקנאַקט אין מאַרק אַריין און דערזען פון וויטן, אַז באַם שערער איז דער גאַניק אינגאַנצן ליידיק. האָט ער אָנגעהויבן גיסן די טויכעכע אַף זעמבערלע:

— איינגעזונקען זאָל זי ווערן!

— פאַרברענט זאָל זי נאָר ווערן אין אַ פינצטערע נאַכט!

— זעמבערלער מאָרדעס! אין זייער טאַטנס טאַטן אַריין!...

אַ נעס, וואָס פונדערווייטנס האָט זיך אַן איילנדיקער באַוויזן מייער-מוישע דער פעלדשער: ער האָט אַפּאָנעם דערהערט דעם גלאָק און איז איצט געלאָפן אַ פאַרסאָפּעטער מיט זיין נעגידישן בייכל גלייך צום שערער אַפן גאַניק.

איז שוין אַלטערן גרינגער געוואָרן אַפן האַרצן:

— אַבי מייער-מוישע איז דאָ, וועט זיין דער גאַנצער שטאָב!

און אויגנבליקלעך איז טאַקע געווען צונויפגעקליבן דער גאַנצער שטאָב און אַז אַל-טערס פור איז פאַרבייגעפאָרן פאַרביי דעם שערער איז דער שערער אַליין אַרויס אין זיין ווייסן כאַלאַט, ס'האָט זיך אפילע אויפגעהויבן פון מיטן גאָלן דער פאַריזשער שניידער מיט

איין אָנגעזייפטער באַק, אַלע זײַנען געשטאַנען אַפֿן גאַניק און געזען, ווי אַלטער פֿירט צו דעם גאַסט צו כיטריקן אין אײַנפֿאָר... זיי האָבן אָפּגעמאָסטן דעם גאַסט יעדן ריר זיינעם און מייער-מוישען האָט גענומען וואַרגן אין האַלדז אַ שפּאָגל נייער ליגן, וואָס אים האָט זיך געוואָלט אָפּטאָקן איצט אין סאַמע מיטן יאָנטעוו? ער האָט צוגעשטעלט די דלאָניע צום שטערן איבער די אויגן, ווי ער וואָלט זיך וועלן פֿאַרשטעלן פֿון דער פֿאַרפּייסעכדיקער זון און ער האָט אָנגעהויבן מיט זײַן דין קעלכל:

— שאַט... שאַט... איך קאָן דאָך אים... האַ, ווו האָב איך אים געזען.

האָט זיך אָבער אַרויסגעכאַפּט מיכל דער טשערעדניק, מיט זײַן אייביק אונטערגעבונדענער באַק און ער האָט מייער-מוישען אָפּגעצאָלט:

— וואָס הייסט, איר קענט אים נישט, איר האָט זיך דאָך געגליטשט מיט אים אַף אַ לונג-און-לעבער פֿון אַ פֿליי!

אַפֿן גאַניק איז געוואָרן דער עמעסער געלעכטער, נאָר מייער-מוישע האָט זיך צום האַרצן נישט גענומען, ווי שטענדיק, אַז מע פֿלעגט אים כאַפּן באַ אַ ליגן, און ער האָט שוין איצט געקוקט, ווי אַזוי דער גאַסט צעצאָלט זיך מיט אַלטערן. ער האָט געזאָגט צום אוילעם:

— ווײַזט אויס, אַ פֿײַן פאַרשוינדל!

און נאָך אים האָט זיך גענומען שיטן:

— אַ פּאָנים—בלוט און מילך!

— דאַר ווי אַ גוטער ייד!

— ס'אַראַ פֿרײַע מינעס...

— ס'אַראַ שיינע האַנטשן!

— זעט נאָר ווי ער גייט עס מיט דריבנע טריטלעך!

— אַ נעזל ווי אַ בוריקל!—דאָס האָט אַזוי אַ לאַך געטאָן ניסל דער קאָפּעראַטאָר מיט זײַנע קליינע אַרבעס-אויגעלעך. דערווײַל איז צום גאַנעק צוגעגאַנגען פעלטע די וויראַזשעניע, אַ יונג מיידל, וואָס איז טאָמיד יאָנטעוודיק פֿאַרפּוצט און יאָנטעוודיק צעטראָגן, און באַ יעדן וואָרט האָט זי אַ טעווע אַרײַנצוזאָגן מיט אירע שמאָלע ליפּן: „איזוויניטע זאַ וויראַזשעניאַ”! פעלטע האָט זיך געפֿילט עטוואָס דערונטער, וואָס זי האָט פֿאַרשפּעטיקט צו דער סימכע, איז זי איצט שנעל אַרופֿגעלאָפֿן אַפֿן גאַניק: כאַיע-גיטל די כאָמכע מיט איר אײַנגעפֿאַלט נעזל האָט דאָ אַלץ געהאַלטן אין לויבן דעם גאַסט:

— ס'אַראַ שיינע מאַניערן!

— ס'אַראַ איירעלער פֿאַסאָן!

פעלטע האָט אויסגעפּלאַצט:

— איזוויניטע זאַ וויראזשעניע, איר ווייסט ניט וואָס און ווען און איר רעט שוין... האָט קיין מוירע נישט, איך וועל מיך דערוויסן פֿריער פֿאַר אײַך ווער ער איז!

זי האָט אַ קוק געטאָן אַף אַלעמען פֿון אויבן אַראָפּ, נאָר אַלע זײַנען פּלוצים געבליבן אָן אַרבעט; דער פאַרשוין איז שוין אַפּאָנים אַרײַן צו כיטריקן אין שטוב און אַלטער איז אַוועקגעפֿאָרן צו זיך אויסשפּאַנען די פֿערד...

דער ערשטער האָט זיך באַקלערט מייער-מוישע. ער האָט צום אוילעם אַ מאַך געטאָן:

— וואַרט נאָר צו אַ ווײַלינקע!—און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט צו אַלטערן אַהיים...

אַז מייער-מוישע גייט צו צו אַלטערס שטאַל, מאַכט זיך אַלטער ניט וויסנדיק, ער איז גאָר פֿאַרנומען מיט אונטערוואַרפֿן היי פֿאַר די פֿערד און ער באַגעגנט מייער-מוישען מיט אַ גרויסן באָרעך-האַבע:

— האַ, רעב מייער-מוישע, עפּשער צום באַן, צי קײַן ווערייקע טאַקע גופֿע?

מייער-מוישע זעט, אַז אַלטער שפּילט דאָ מיט אים אַ קאָמעדיע, טוט ער זיך אַ נעם גלײַך צו דער זאַך:

— וואָס פֿאַר אַ פֿאַרשווינדל האָט איר עס הײַנט געבראַכט פֿון דער באַן?

אַלטער הויבט אויף פּאַמעלעך צום פֿעלדשער זײַנע גרויסע אונטערגעטרונקענע אויגן און ער שמייכלט צו אים מיט אַ שאַרף שמייכעלע, ווי אײנער רעט:

— אַהאַ! הײַנט דאַרפֿסטו טאַקע צו מיר אָנקומען!—דאָך קאָן ער מייער-מוישען אינגאַנצן ניט אָפּשטויסן, מע כאַפּט אַרום אים אָפּט אַ פֿאַרדינסטל. זאָגט ער אים:

— זײַט מוחל, רעב מייער-מוישע, כ'וועל דאָ נאָר פֿאַרטיק ווערן מיט מײַנע כאַסאַנים וועלן מיר כאַפּן אַ שמועס!

מייער-מוישע פֿאַרגינט ניט אַלטערן, וואָס ער מאַכט זיך אַזוי גרויס און ער פֿאַרקערעוועט פּלוצים אין אַ זייט:

— ס'קען זײַן אַרום נאָכשאַבעס דינסטיק זאָל איך דאַרפֿן קײַן ווערייקע!

מייער-מוישע לאָזט זיך אַוועק צוריק צום שטאַב און אַלטערן טוט האַנאָע, וואָס דער פֿעלדשער איז אַוועק פֿון אים מיט גאָרניט... נאָר ער איז נאָך ניִשט פּאָטער. ס'רוקט זיך אַרײַן כאַיע-גיטל די כאָמכע, זי הויבט אָן פֿון אַרום און אַרום:

— זע נאָר, אַלטער, ווי טײַער איז פּוטער אין ווערייקע?

מיט איר האָט שוין אַלטער קײַן צערעמאָניעס ניט געמאַכט. ער האָט איר אַרײַנגעקוקט אין כיטרען פּאָנים און אָפּגעשניטן:

— פֿאָרט זיך דורך, רעב כאַיע-גיטל, זײַט מוחל קײַן ווערייקע, וועט איר שוין אַליין זען!

כאַיע-גיטל האָט פּרום אויסגעשפּיגן און איז אַנטלאָפֿן צוריק אין שטאַב; זי האָט זיך געאײַלט. מיסטאָמע דערציילט שוין דאָרטן מייער-מוישע די נײַס פֿאַרן אוילעם. נאָר אַז זי איז צוגעקומען צו דעם שערערס גאַניק האָט זי פֿון דעם ערשטן בליק געכאַפּט, אַז קיינער ווייס נאָך גאָרנישט; מע איז געזעסן אָן אַרבעט און באַלד האָט זיך דער שטאַב אָנגעהויבן פֿאַנאַנדערשיטן. מייער-מוישע האָט זיך אַ הויב געטאָן פֿון אָרט און אַ מאַך געטאָן איבערן גאַנצן ברייטן גאַניק:

— העט...

האָט זיך אויסגעשטעלט נאָך אים דער פֿאַריזשער שנײַדער, אַ זאָג געטאָן צו זיך אַליין:

— כ'ווייס...—און איז אַוועק צוריק צום שער-בענקל. טייקעף איז דער שערער אַוועק צו דער אַרבעט און מיכל דער טשערעדניק האָט שוין גלאַט ניט געקאָנט אויסהאַלטן און איז אַוועק פֿון גאַניק.

ס'זײַנען נאָר געבליבן די געטרײַסטע: כאַיע-גיטל די כאָמכע און מייער-מוישע דער פֿעלדשער.

זיי האָבן דאָך אופֿגעהאַלטן דעם שטאַב אַ גאַנץ ווינטער, ווען ניט זיי וואָלטן שוין פֿון אים לאַנג קײַן זייכער ניט געווען... און דאָ איז געווען אַ ווינטער מיט אַזויפֿיל געשעפֿטן... אַשטייגער, אַז פּינכעס דער מולער האָט גענומען מיר ניִשט, דיר ניִשט און איז אַוועקגעפֿאָרן קײַן באָבריק אַרײַן לערנען אין אַרבפֿאַק. האָט מען באַדאַרפֿט אַרומריידן אַזאַ איניען, צי ניין? ס'איז דאָך אין זעמבערלע ניט געהערט געוואָרן, אַז אַ ייד באַ די פֿערציק, און נאָך אַ באַלמעלאָכע דערצו, זאָל נעמען פּלוצים אַוועקוואַרפֿן אַ ווײַב מיט דרײַ קינדער און פֿאָרן אין קראַך אַרײַן שטודירן! האָבן טאַקע זעמבערלער באָטל-גייער אַ גאַנץ ווינטער דעם איניען ניט אַרויסגעלאָזט פֿון האַנט, ביז ס'האָט זיך צום סאָף אַרויסבאַוויזן, אַז די ווײַב האַלט אויס דער סאָיוז, און אַ סוואָרע, אַז דער גאַנצער אופֿטו שטאַמט טאַקע פֿון איר. האָט מען זיך אין שטאַב פֿון אַזאַ סאָף צום האַרצן ניט גענומען, ס'האָט זיך באַלד אויסגעזוכט אַ נײַער אייסעק: בלומע ליפּשעס מיט ליימע דעם קאָלעקטיוושטשיק. מע האָט זיי אַ גאַנץ ווינטער צונויפֿגעפֿירט און אָפּגעגעט און דעריקער, וואָס מע האָט אין שטאַב פֿון יעדעס פּיצעלע געוווּסט... מע האָט געוווּסט, אַז די מאַמע ליפּשע האָט גאָרניט קעגן דעם שידעך, ס'האָט זיך נאָר אײַנגעאַקשנט דער קלײנינקער טאַטע איער סראָליע.

— ער וועט בעשומפּן ניט דערלאָזן, אַ קאָמסאָמאָלעץ זאָל נעמען זײַן טאָכטער...

וועגן בלומען האָט זיך באַם שטאַב עטלעכע מאָל געבּיטן די מיינונג; מע האָט שוין אַפּילע אונטערגעשמועסט, אַז זי טראָגט פֿון ליימען, נאָר עפּעס האָט מען אַ גאַנץ ווינטער ניט געקענט דערגיין קײַן טאָלק, און דאָ איז פּלוצלונג, פאַר פּייסעך, אַוועקגעפאַלן די מאַמע אירע, ליפּשע די הויכע, איז שוין געוואָרן דער גאַנצער איניען מאָדנע.. אָט אַזוי האָט דער שטאַב אַ גאַנץ ווינטער געהאַט אַרבעט נישט צו פֿאַרזינדיקן, און פֿאַרקלײַבן פּלעג מען זיך טאַקע באַ מײַער-מוישען אין שטוב. אַצינד, אַז ס׳האָט אַ באַק געטאָן די ערשטע פֿאַרפּייסעכדיקע זון איז דער שטאַב אַרויס אינדרויסן אַף דער מילדער לופט, זײַן אָרט איז צוריק געוואָרן באַם שערער אַפֿן גאַניק, ווי פֿאַראַיאָרן און פֿאַר צווייי יאָרן. און דאָ האָט זיך צוגעשאַרט אַזאַ פּעטער ביסן—דער נײַער גאַסט, וואָס איז פֿון ערגעץ אַראָפּגעקומען קײַן זעמבערלע. מייער-מוישע האָט הײַנט צוליב דעם אַפּילע פֿאַרגעסן פֿון וואַרעמעס; ער איז געזעסן אַפֿן גאַניק און געהאַלטן שמירע איבערן מאַרק און איבער כיטריקס שטוב; דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען דער גאַסט אַליין באַווײַזט זיך, גייט מען צו מיט אַ שאָלעם-אַלייכעם, אַהין-אַהער, ביז מע טאַפּט אַרויס, וואָס איז דער מער? מייער-מוישע וואָלט זיך אַרײַנגעכאַפּט צו כיטריקן, נאָר ער פֿאַרגינט ניט כיטריקן די פֿרייד, ווי אַזוי ער וועט אים דאָס באַגעגענען באַם גרויסן טיש, און נעמען ציילן די ווערטער: אַ רענדל אַ וואָרט... אַרט אים ניט, אַז ער בלײַבט דאָ זיצן איינער אַליין, אַפּילע ווען כאַיע-גיטל איז שוין אַוועק פֿון שטאַב... צײַט האָט ער צו-געגנוג: פֿון זינט מע האָט אופגעעפנט די אַמבולאַטאָריע גייט ער אַרום אָן אַ שטאָך אַרבעט, זיצט ער זיך אַזוי און כאַפּט אַ דרימל און זעט נישט, ווי פֿונם אַנטקעגנדיקן ביר-שענק האָט זיך אַרויסגעלאָזט פעלטע די וויראַזשעניע, אַן אויסגעצאַצקעטע אין אַ נײַער רויטער שאַל. זי איז געגאַנגען מיט איר טאָמיר יאָנטעוודיקן גענגעלע גלײַך צו כיטריקן אין אַכסאַניע... אין מאַרק האָט געשמעקט מיט געשטעלטע בוריקעס און מיט אָנהויב פֿרילינגדיקן נאָכמיטיק. פֿון דער צווישטאָקיקער געריכט-געביידע האָט זיך אַרויסגעשאָטן אַ פֿריילעכע כאָפּטע פויערים. אַפֿן מאַרק האָבן זיך אַרומגעדרייט עטלעכע אויסגעפּאַשעטע כאַזיירים, און פֿייגעלעך, פֿייגעלעך אָן אַ צאָל זײַנען אַרומגעפלויגן און אַרומגעשפּרונגען; באַם ברונעם האָט די ראָד ניט אופגעהערט סקריפּען. אַלע ווײַלע איז עמיצער אַנדערש צוגעגאַנגען נאָך וואַסער. מייער-מוישע האָט זיך אַ טשוכע געטאָן און גאַנץ אומגעריכט האָט ער זיך אופגעהויבן פֿונם גאַניק. ער איז אַראָפּגעלאָפֿן די עטלעכע טרעפּלעך און געבליבן שטיין מיט אַ צועפנט מויל.

פֿון כיטריקס שטוב האָט זיך אַרויסגעלאָזט אַ פּאָרל. לינקס איז געגאַנגען דער גאַסט, אַ דינער און אַ לאַנגער אין אַ ברוינעם גומי-מאַנטל, אין האַנט האָט ער געדרייט אַ שיין שטעקעלע, נעבן אים איז געגאַנגען פעלטע, זי האָט אים אַרײַנגעקוקט אין די אויגן אַרײַן און אָן אופהער געציגלט.. מייער-מוישע האָט שוין איצט גאָרניט געוווּסט וואָס צו טאָן. וואַרטן מער וואָלט געווען אַ פֿאַרברעכן... נאָר, ווי אַזוי גייט מען עס צו הענדום-פּענדום און מע שטעקט אָפּ אַ שאָלעם-אַלייכעם...

דאָס פּאָרל גייט זיך דערווײַל איבערן מאַרק; אָט איז צו זיי צוגעגאַנגען איטקע דעם קוואַסניקס, אַ יינגלשעוואַט שיין מיידל. אָנגעטאָן אין אַ יינגלשער בלוזקע מיט קוטאַסן; זי שאָקלט זיי צו מיט איר געשוירן קעפּל. פעלטע מיטן גאַסט שטעלן זיך אָפּ. דער גאַסט לייגט איבער דאָס שטעקעלע אין דער רעכטער האַנט און מיט דער לינקער וויטעוועט ער זיך זייער עלעגאַנט מיט איטקען, דאָ לאָזט זיי פעלטע איננאַנצן איבער און זי לויפֿט גיכער צו צו מייער-מוישען:

— אוי, רעב מייער-מוישע, ווען איר זעט שוין, וואָס פֿאַר אַ איידלמאַן דאָס איז, דאָס איז דאָך דער נײַער בוכהאַלטער, וואָס דער אויספּירקאָם האָט אויסגעשריבן אַזש פֿון אָדעס!

מייער-מוישע האָט געלויכטן און ער האָט אַף זײַן דין קעלכל געפּרעגט שטיל, שטיל:

— און ווי איז, זאָגסטו, זײַן פֿאַמיליע?

פּעלטע האָט זיך אַ דריי געטאָן אַף די אָפּצאַסן:

— זײַן פֿאַמיליע? אָהאָ, שוין איין מאָל אַ פֿאַמיליע! מאָדל,—האָט זי אַרויסגעלאָזט פֿון איין שמאָל פּיסקל מיט אַ באַזונדער ווייכקייט...

מייער-מוישע האָט זי אַזש אָנגעכאַפּט באַ דער האַנט:

— מאָדל זאָגסטו, דאָס הייסט, אַז זײַן פֿאַמיליע איז מאָדל, נו, און דער נאָמען זײַנער?

פּעלטע האָט אויסגעזונגען:

— איסאַק!

האָט שוין מייער-מוישע אָפּגעלאָזן איר האַנט, ער האָט זיך אַ פּאַטש געטאָן אין שטערן:

— איסאַק, זאָגסטו, איסאַק מאָדל, קאָן איך אים...

פּעלטע האָט אָנגענומען אַ שטרענגע פּאָזע און אויסגעקלונגען:

— איזוויניטע זאַ וויראזשעניע, איר הויבט אים אַפּילע ניט אָן צו קענען.

זי איז גלײַך אַנטלאָפֿן צוריק צום גאַסט און מייער-מוישען איז שוין סאַיווי געווען גוט אַפֿן האַרצן האָט ער אַוועקגעאײַלט וואַרעמעס עסן; לויפֿנדיק האָט ער אַלע ווײַלע געוואָרפֿן ליבלעכע בליקן אַהינצו, אין עק מאַרק, וווּ זיי זײַנען געשטאַנען אינדרײַען און געשמועסט... אין מאַרק האָט זיך באַלד אַראָפּגעלאָזן די בלאַספֿאַרנאַכטיקע שאָ; פֿונם גע-מויערטן אויספּירקאָם האָבן זיך נאָך דער אַרבעט אַרויסגעלאָזט עטלעכע באָכערים און מייד-לעך; אַן אויסגעשפּאַנטער פֿערד באַם וואָגן האָט זיך צעהירזשעט איבערן גאַנצן מאַרק; נעבן קלויסטער איז געשטאַנען מענדל טענצער, דער שטעטלשער מעשוגענער, און איבער-געשאָטן זאַמד פֿון איין קעשענע אין דער צווייטער... באַם ברונעם האָבן זיך איבערגעשמו-עסט עטלעכע ווײַבער און דער בוכהאַלטער מאָדל האָט פּלוצים אַ פֿרעג געטאָן:

— ווער איז אָט יענע מיידל מיטן ייִנגל דאָרט באַם ברונעם?

פּעלטע האָט זיך אָנגעכאַפּט:

— איר קוקט, וואָס זי איז אַזאַ שטאַלטנע? זי איז גאָר ניט אַזוי שיין ווי איר מיינט! זי האָט אַ פֿאָדערשטן ציינדל, וואָלט איר שוין געמעגט זען!

איטקע האָט זיך צעקאַסט:

— האָסט ניט וואָס צו ריידן שלעכטס אַף בלומען, פּעלטע, הערט זי ניט, כ׳ מאָדל, דאָס איז אונדזערע אַ כאַווערטע, אַ שיינע און אַ וואָילע, פֿאַרשאַבעס איז באַ איר די מאַמע געשטאָרבן.

מאָדל איז געשטאַנען אין זײַן גומענעם רעגגמאַנטל, אָנגעטאָן אין א פּאָר ווײַסע הענטשקעס און ער איז געווען פֿאַרנומען מיט זײַן שטעקעלע. פּעלטע האָט זיך פֿאַר אים געקלאָגט אַפֿן קליינשטעטלדיקן לעבן:

— קײַן איין אינטעליגענטן מענטשן זעט מען דאָך באַ אונדז ניט!

איטקע האָט געשוויגן, און זי איז געווען גאָר צופֿרידן, ווען מאָדל האָט זיי געזאָגט, אַז ער איז מיד און ער איז אַוועק זיך אָפּרוען... פּעלטע מיט איטקען זײַנען געבליבן שטיין אַביסל צעמישט און די ערשטע האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פּעלטע:

— ביסט אַ מייוון, וואָס פֿאַר אַ האַלטן זיך? ווי אַזוי ער טוט זיך עס אַ נויג בייס ער באַקענט זיך און ער זאָגט אַזוי ווייך:

— איסאַק מאָדל!

איטקע האָט איר איבערגעהאַקט מיט אַ געלעכטער:

— מיר איז ער דאַווקע ניט אַזוי געפֿעלן מיט זײַן גאַנצער איידלקייט!

פּעלטע איז אַף איר אָנגעפֿאַלן:

— דו קאָנסט ניט פֿאַרטראָגן קײַן איידעלע מענטשן, ער האט דאָך אַף דיר אַפּילע ניט געקוקט און וואָס פֿאַר אַ בליקן האָט ער אַף מיר געוואָרפֿן?

איטקע האָט זיך ערשט געוואָלט מיט איר צערעכנען פאַר זיך און פאַר בלומען, נאָר אַ טאַטישער קאָל האָט פון ווייטן אָונטיק געשריען איבערן גאַנצן מאַרק:

— איטקע, האָ!... האָ!...

איז איטקע אַוועקגעלאָפן צום טאַטן און פעלטע איז אַליין געבליבן שטיין אַן אופגעראַשטע פונם היינטיקן טאָג...

## זעמבערלע באַדויערט...

ניט נאָר אין שטאַב האָט מען געהאַט צו טאָן מיט ליפשע דער הויכער און מיט איר פלוצימדיקן אַוועקפאַלן. גאַנץ זעמבערלע האָט זיך אַרויסגעשאָטן אַף דער לעוואַיע אינם פאַרפייסעכדיקן כליופ און רעגן, די ווייבער האָבן געהאַלטן אין איין שאָקלען מיט די קעפ.

— אַי—אַי—אַי— אַזאַ ברולירנדיקע געזונטענע ליפשע זאָל אינמיטן דערינען... און גאָרנישט...

— מע האָט דאָך איר פון איספּאָלקאָם ערשט פאַראַכטאָגן צוגעמישפּעט דעם גאָרטן אַף טיטון... אַ יאָר האָט זיך דאָך געצויגן דער מישפּעט.

אַלע האָבן געקוקט אַף דעם טאַכלעס, וואָס איז דאָ געוואָרן... אָט שלעפּט זיך נאָך דער מיטע, דער קליינער סראָליע, ליפשעס מאַן. די אויגן זעען זיך באַ אים קוים אַרויס פון דעם געלן פאַרוואַקסענעם פּאָנים. ער בייסט שטאַרק איין וואָנצע און דרייט מיט די זייטן פונקט ווי ער וואָלט זיך געטאָפּטשעט אַף איין אָרט. נעבן אים שפּאַנט זיין פופצניאָריקער טאַנע, דער אידיאָט ראַכמיליע: ער איז אַ רויטער, זיין פּאָנים איז אינגאַנצן פאַרשאָטן מיט קלייען, אַפילע די ווייסלען פון זיינע פליישינע אויגן באַקלייענט. ער קוקט אַף דער מיטע און שמייכלט, ער קוקט אַף די מענטשן, וואָס דרייען זיך דאָ, און שמייכלט יעדערן אין פּאָנים אַריין; אַ ביסעלע באַ זייט אויס גייט איינע אַליין, בלומע, די צוואַנציקיאָריקע צעוואַקסענע באַסיעכידע, זי זעט קיינעם נישט פאַר זיך, און זי טאַינעט זיך דאָ אויס צום לעצטן מאָל מיט איר מאַמען... גאַנץ זעמבערלע האָט זיי באַדויערט; און ס'האָט זיך טאַקע אַרופגעלייגט אַ כאַשכעס אַף דער פאַריאָסעמטער מישפּאָכע. איין ראַכמילע נאָר איז געווען צופרידן... נאָך דער לעוואַיע, גלייך ווי ער האָט אָפּגעפּרעפּלט דעם קאַדעש, האָט ער זיך אַרופגעוואַלגערט אַף דער מאַמעס בעט:

— איך דאָ שלאָפן...

ראַכמיליע האָט געמאָנט עסן, האָט מען געמוזט עפּעס אָפּקאָכן און אַרום אים האָט סראָליע אויך געכאַפּט אַ ביסן. און אַזוי איז ער אַרומגעגאַנגען סראָליע איבערן שטוב און געבורטשעט אין זיין געלער באָרד אַריין... בלומע האָט אופגעהערט אַכטונג געבן אַף אירע צוויי שפּיגל-שיינע צעפּ, זי איז אַרומגעגאַנגען אַ צעקנוידערטע און זיך קיין אָרט ניט געפונען פונם טאַטנס וואָרטשעניש, ער איז קעסיידער אין קאַס, דער טאַטע אירער...

בלומען ווערט אומהיימלעך אין שטוב, ס'איז איר ענג, כאָטש אין שטוב איז ניטאָ מער, ווי זי מיט ראַכמיליען, דער טאַטע דרייט זיך אַ גאַנצן טאָג אין קלייטל און אַז ער קומט אַהיים איז ער אַזוי, ווי אַ צערייצטע כאַיע... דאָס ערשטע כאַפּט ער זיך שלאָגן ראַכמיליען:

— ליידאַק איינער, מינכע האָסטו געדאַוונט?

ראַכמיליע קוקט אַף אים צוריק מיט אַ צופרידענעם אידיאָטישן בליק, סראָליע נעמט אים שלעפּן פאַר די רויטע קאָלטענעס:

— עפּשער ביסטו שוין פון די קאָסמאָלן, טרייפענער פאַרצעף?

ראַכמיליע וויינט זיך פאַנאַנדער:

— איך אַלע נאַכט דאַוון, בענטש, טאַטע — — — — — —

ראַכמילִיע איז העכער פֿאַר זײַן טאַטן, ער איז אַוועק נאָך דער מאַמען; דער טאַטע מוז אַ שפּרונג טאָן, קעדיי צו דערלאַנגען אים אין פּאָנים אַרײַן, נאָר בלומע וויל עס ניט לײַדן, זי לויפֿט צו און כאַפּט אים אָן באַ דער האַנט:

— וואָס שלאָגסטו אים, טאַטע?

סראָליע טוט זיך אַ ריס:

— דו כצופּע איינע! ווערסט זאָגן דעם טאָן אַ דייע?...

ער פֿאַרמעסט זיך אַף בלומען און טרעפֿט ווידער אַמאָל ראַכמילִיען... טוט בלומע אַ ריס ראַכמילִיען פֿון זײַנע הענט און זי לויפֿט מיט אים אַרויס... ראַכמילִיע וויינט אַף דער גאַנצער גאַס... מיט אַ ווײַלע שפּעטער באַווײַזט זיך סראָליע. ער איז נאָך קלענער, ווי טאָמיד, ער רעט קלוימערשט מיט קאַס און אינדערעמעסן בעט ער זיך:

— אַ ווערטעלע צו זאָגן! ס'איז דאָך אַ ביזאָיען פֿאַר שטאָט, גייט אין שטוב אַרײַן!

בלומע פֿירט ראַכמילִיען אין שטוב אַרײַן, ראַכמילִיע טוט זיך אַ וואַלגער אַפֿן בעט און בלומע נעמט זיך צום געפּעס... אַצינדער הייבט סראָליע אָן פֿונדאַסנײַ:

— אַ ווערטעלע צו זאָגן, אַ מישפּאָכע מיט אַ קאָמונע! זיי האָבן דאָך אומגליקלעך געמאַכט די וועלט... פֿאַר אַ פּוד טוווע זעצט מען דאָך אין אָסטראָג אַרײַן.

בלומע גייט צו צו אים און טוט אים אַ מעסט אָפּ מיט איר בליק:

— וואָס ביסטו זיך צעפּאָרן, טאַטע, פֿאַרוואָס האָסטו זיך ניט פֿאַרשריבן אין קאָלעקטיוו. בייס אַלע האָבן זיך פֿאַרשריבן? ווער האָט דיר געהייסן האַלטן זיך באַ דײַן קלייטל?

בלומע איז ניט אַזוי הויך, ווי איר מאַמע, נאָר איצט אַז זי איז געשטאַנען אַנטקעגן און גערעט, האָט זיך סראָליע דערמאָנט, אַז די מאַמע פֿלעגט אויך פּונקט אַזוי צוגיין צו אים...

סראָליע האָט זיך גענומען ווערגן מיט די ווערטער:

— וואָס? האַ? אַ ווערטעלע צו זאָגן—ער האָט אָבער ניט געקאָנט אויסהאַלטן בלומעס קוק און אָנגעהויבן שטאַמלען:

— שאַ, שרײַ ניט אַזוי. וואָס האָסטו זיך צעשריִען?

איין זאַך איז איצט בלומען גוט, וואָס ראַכמילִיע העלפֿט איר; ער העלפֿט איר אין שטוב, ער העלפֿט איר אין גאָרטן, און אין גאָרטן האָט בלומע איצט אָן אַ שיר אַרבעט. זי האָט פֿאַרשפּעטיקט מיט די קאַרטאָפֿליעס, האָט זי איצט געדונגען אַ פּויער אַף צעאַקערן און זי האָט פֿאַרזעצט גלײַך פֿון אַקער. ראַכמילִיע האָט געטרײַ געשניטן די קאַרטאָפֿל צו צוויי און צו דרײַ שטיקלעך און געוואָרפֿן זיי אין די גריבעלעך. בלומען איז שוין גוט, וואָס זי קאָן אַוועקגיין פֿון שטוב, גאַנצע טעג איז זי מיט ראַכמילִיען אַף די גערטנער, און מיט אַרבעט איז זי פֿאַרזאָגט. זי באַוויזט נאָך ניט פֿאַרזעצן די קאַרטאָפֿל, ווערט שוין פֿאַרטיק די ראַזסאַדע און מע מוז זיך אַ נעם טאָן צום טיטון. און ווו איז אוגערקעס מיט פּאַסאָליעס?

זייער גאָרטן איז איניינעם מיט די גרויסע זעמבערלער גערטנער, וואָס הויבן זיך אָן באַזײַט אויס פֿונם מאַרק און ציִען זיך אַזש ביז צום בייסוילעם. האַלב שטעטל האָט דאָ זייערע בייטן און אין די לינדע פֿרילינג-טעג גייט דאָ אַ לעבן פֿונם ערשטן שאַריִען ביז שפּעט איינאָונט... בלומע גייט אַוועק אין גאָרטן גאַנץ פֿרי, בייס דער פֿאַסטעך קומט פֿאַרנעמען די בעהיימע און דאָרט איז שטאַרק פֿריילעך... ווער עס אַקערט, ווער עס בראָנעוועט, ווער עס זייט... ווײַבער און מיידלעך ריידן זיך איבער פֿון צווישן די בייטן; ווו ס'וואַרפֿט זיך דורך אַ פֿריש גרין בלעטעלע, אַ קליינס און אַ צאַרטס, נאָר וואָס פֿון דער ערד אַרויס...

אַפּאָר געציילטע בינען טראָגן זיך איבער די בייטן, באַבעלעך קוליען זיך אין דער לופֿטן און די זון בלישטשעט אַף ווײַסע פּאַטשיילקעס, אַף האַלב-צעריסענע פֿאַרטעכער און אַף קינדערשע שײַנענדיקע פּעניִמלעך... בלומע פֿאַרזעצט די ראַזסאַדע, זי זעצט אויס די זריִע-צווײַגעלעך פּונקט אַף צוויי שפּאַן איינס פֿונם צווייטן. בלומע האָט ליב דידאָזיקע

ארבעט, ס'איז גאר פריילעכער געווען ביים די מאמע פלעגט זיך דא מיט איר איניינעם אריבערבויגן איבער די בייטן.

די מאמע פלעגט צוזינגען בא דער ארבעט; בלומע קאן קימאט אלע לידער דער מאמעס, נאר ניט אזוי גוט. דעריקערשט איז איר איינגעבאקן דאס לידעלע:

„זיין פנים, זיין צורע,
„זיין איידעלער פאסאן,
„אין הארצן ברענט א פייער,
„און קיינער זעט ניט אן..."

בלומע צעזינגט זיך אזוי געשמאק פאר זיך; ראכמיליע הויבט זיך פאמעלעך אויף פונס בייט, ער שטעלט אן אף בלומען א פאר גרויסע קוועלנדיקע אויגן, ער קוקט אף איר א ווײַלע, דערנאך גייט ער צו און נעמט זי גלעטן איבערן ארבל:

— אוי, בלומע, הא? די מאמע געזונגען, הא?

בלומע זעט אים איצט ניט, ראכמיליען, ס'איז שפעטלעך.

די זון פייערט שוין אראפ אלץ נידעריקער הינטערן ביסוילעם, אף די גערטנער ווערט שטילער; די ווייבער צעגייען זיך איינציקווייז.

בלומע נעמט ראכמיליען און זי לאזט זיך מיט אים אהיים. אין שטוב פארמישט זי אף גיך דעם צעבער, ראכמיליען שטעלט זי אוועק מעלקן די בהימע און זי נעמט זיך צוגרייטן דעם טאטן עפעס אף וועטשערע. בלומע פילט זיך אביסעלע מונטערער... זי האט שוין געהערט וועגן דעם גאסט, וואס איז אראפגעקומען קיין זעמבערלע. זי ווארפט א בליק אין שפיגל און דערזעט, אז זי איז שטארק אויסגעבלייכט געווארן... יא, זי האט טאקע די גאנצע צייט ניט געקוקט אף זיך...

## בלומע פארפלעכט אירע צעפ.

דער זעמבערלער שטאב! ער דארף דאך האלטן אזויפיל זאכן אפן קאפ, וועגן אלץ אפזאגן א פאסעק און טאמער לאזט זיך אויס קאפויר, דארף מען אויך ניט אראפפאלן בא זיך... פאר צוויי-יארן, אז צוועלף קאמיוגיסטן זײַנען אוועק אין דער געוועזענע פריצישער פערמע הינטערן שטאט און ארגאניזירט דארטן א קאלעקטיוו, האט מען זיי איז שטאב צענומען אף טעלערלעך:

— וואס זאגט איר עפעס אף די נייע „זעמלעמערן"?

— די עמעסע באלעבאטים וועלן דאס זיין!

שפעטער אבער, אז דער קאלעקטיוו האט אן ארבעט געטאן און זיי האבן גענומען עסן דעם אייגענעם פארזייטן ברויט האט מען זיך אין שטאב דערפון ניט גענומען צום הארצן:

— אזוי—זאל זיין אזוי!... און מע איז גלייך איבערגעגאנגען צום נייעם געשעפטל מיט די שניידער, וואס האבן זיך פאריייניקט אין אן ארטעל.

— ס'וועט קיין קיעם ניט האבן!—האט מויער-מוישע געזאגט און צוגעזשמורעט דערביי אן אויגל...

דער ארטעל האט דאווקע געהאט א קיעם, און דער שטאב האט שוין געהאט נייע געשעפטן...

ערשטנס פון אלע ערשטנס האט מען געראכט ארומטאפן דעם גאסט, צי איז ער א פארטעיִשער, צי ניין, צי איז ער א באוויבטער, צי אליין... און ביכלאל וואס איז ער פאר א נעפעש, מאירעם די שאדכנטע, א ברייטע יידענע מיט א מאנסבילשן קאל האט אין שטאב אפגעגעבן ראפארט... צי ער האט א ווייב צי ניין, איז נאך דערווייל שווער צו זאגן. מאירעם האט זיך פאריכט די פאטשיילע אף איר קאפ, וואס פלעגט שטענדיק בא איר זיין

סאָפּעק איבערגעבונדן,—סאָפּעק—ניין, זי איז צוגעגאַנגען צו מייער-מוישען און אים מאַסנבילש אָנגענומען באַ דער האַנט:

— איר פאַרשטייט, מע קאָן דאָך ניט אַ מענטשן צושפּאַרן צו דער וואַנט—דו זאָגסט צי ניין, נאָר ווייטער דוכט זיך מיר, אַז ער איז נאָך אַפילע העכער פון אַ פּאַרטיינעם. כ'האָב היינט געזען אין דער קאָאָפּעראַציע, ווי אַזוי מע האָט פאַר אים געמאַכט אַ וואַרע און געגעבן שוכוואַקס אָן אָטשערעד. זאָג איך איַך, אַז נאָר מיט אַ גרייסן מאַן באַגייט מען זיך אַזוי.

מייער-מוישע האָט איר איבערגעשלאָגן:

— זאָגט נאָר, מאַידעם, וואָס האַלט ער עפּעס אין איין דערציילן פון אָדעס? „באַ אונדז אין אָדעס”, באַ אונדז אין אָדעס”, צי איז ער ניט אַמאָל פון יענע, פון אָטאָ די אָנו, פון די, וואָס האָבן ליב זאָגן אַ ליגן?

מייער מוישע האָט פאַרזשמורעט איין אויגל און אָנגעקוקט אַלעמען מיט זיין ליבן שמייכל.

איז דאָ אַרויסגעשפּרונגען ניסל דער קאָאָפּעראַטאָר, זיינע קליינע אַרבעס-אויגעלעך זיינען גרין געוואָרן פאַר קאַס:

— שרעקט איר זיך, ער וועט באַ איַך די פּאַרנאָסע צוכאַפּן?

מייער-מוישע איז אויפגעבראַכט געוואָרן:

— אַ האָזע פון אַ ייִדן צו אַרייַנשטעקן זיין נאַז דאָרט, וווּ מע בעט אים נישט!

ניסיע האָט עפּעס געוואָלט אָפּענטפערן, נאָר ס'האָט אים שוין מער קיין מוט ניט געסטאַיעט, ס'איז טאַקע געווען אַ דאָסאַדע... מאָדל איז שוין אַ זעמבערלער פון עטלעכע וואָכן, ער האַלט זיך ווי, אַ וואַזשנער פאַרשוין, און מע זאָל דאָס וויסן וועגן אים, וואָס אַ האָר איז ווערט... מיט פעלטע דער ווירזשעניע איז ער, דאַכט זיך, אַ גאַנצענער מעכוטן, זי פוצט זיך אויס יעדן טאָג אין אַ ניי קלייד און זי שפּאַצירט אַרום מיט מאָדלען, גאַנץ זעמבערלע אַף צעפּוקעניש און דערנאָך, אַז מע פרעגט זי אין שטאַב עפּעס, ענטפערט זי מיט גרויס גאדלעס:

— איזווינִיטע זאַ ווירזשעניע, אַ אינטעליגענטער מענטש אין געקומען, מיט וועמען זאָל ער אַרומגיין, אַ נישט מיט מיר? דאָ איז דאָך קיין איין אינטעליגענטקע ניטאָ, פרעגט באַם דאָקטאָר וועט איר הערן, וואָס ער וועט איַיך זאָגן!

אַלע פאַרנאַכט, אַז זיי יאַוועון זיך ביידע אַראָפּ אַפּן מאַרק, קוקט זיי מייער-מוישע נאָך און ס'קאָסט אים געזונט:

אַ מענטש קומט דאָך פון ערגעץ, און האָט עפּעס אין דער וועלט, דאַרף מען דאָך עפּעס וויסן! — — — — — — —

יאָ, דער שטאַב דאַרף אַלץ וויסן. אָ-אָ דער זעמבערלער שטאַב! בלומע ווייסט וואָס מע האָט וועגן איר דאָרט צעטומלט, נאָר ס'אַרט איר איצט גאָרניט, איר לעבן איז איצט אַזאַ ביטערס, דער טאַטע איז גאָר געוואָרן אויס מענטש, ער דאַוונט גאַנצענע טעג און שלאָגט ראַכמיליען...

אָט איז עד גאָר נעכטן אַרייַנגעלאָפן אין שטוב מיט אַ קאַס, ער האָט געקוקט אַף ראַכמיליען און געשריען צו בלומען:

— גענוג, איך גיי מער נישט אין קלייט! ס'איז אַזאַ וועלט מיט אַזוינע פאַראָנדקעס אַז גאָרנישט! אַ ווערטעלע צו זאָגן...

ראַכמיליע איז אויפגעשפּרונגען:

— גוט, סראָליע, איך נישט גיין, דו נישט גיין, קיינער נישט גיין, אַלינקע אין שטוב...

סראָליע האָט געזאָטן:

איך בין מעכויעוו צו האָרעווען אף איַך, אַזוינע צוויי גרויסע לײדיקגייער!..

אַף מאָרגן האָט מען שוין אין שטאָב גערעט פֿון דעם נײַס:

— סראָליע ליפֿשעס האָט פֿאַרמאַכט זײַן קלייט!

כאַיע-גיטל די כאָמכע האָט אונטערן נאָז געכעשבנט, וויפֿל קרעמער ס'בלײַבן נאָך אין זעמבערלע, זי האָט מיט פֿאַרבויגענע פֿינגער געציילט און אויפֿגעציילט צוויי פֿינגער— צוויי קרעמער: מייקע לעווין און פֿײַוול פּאַרטנאָי... מייער-מוישע דער פֿעלדשער האָט זיך אין אַזעלכע זאַכן נישט געמישט, ער האָט געהאַט אַ ווערטל:

— דאָרט, וווּ ס'שמעקט מיט פּאָליטיקע, בין איך נישטאָ!

דערפֿאַר אָבער האָט מאַירעם די שאַדכנטע מיט איר גראָבן מאַנסבלשן קאָל געטאַינעט:

— זינט ליפֿשע איז געשטאָרבן האָט ער זיך גאָר גערידט פֿון די געדאַנקען דער-דאָזיקער סראָליע, אָט האָב איך געהערט, אַז מע וויל איינפֿירן צען יאָר טאָרגאָוולע...

כאַיע-גיטל האָט איר אונטערגעהאַלטן.

— פֿאַרשטייט זיך, אַז ס'וואָלט געווען דער גרעסטער סייכל! לאָזט דעם נאַראָד זיך אַביסל אָפּרוען דערנאָך וועט איר שוין איינפֿירן אײַער קאָמוניזמע.

בלומען איז שוין געווען אַלצייגס, וואָס מע זאָל ניט ריידן פֿון איר טאַטן אין שטאָב; זי איז כאָטש געווען צופֿרידן, וואָס דער טאַטע גייט אַוועק אַף אַ גאַנצן טאָג אין בעס-מעדרעש און זי בלײַבט מיט ראַכמיליען אין שטוב...

... זי האָרעוועט מיט די לעצטע קויכעס ביז שפּעט אינדערנאַכט, ווען דער טאַטע מיט ראַכמיליען שלאָפֿן שוין, און קיינער זעט ניט, ווי זי לייגט זיך אַוועק אַף איר ברעט און שלאָפֿט אָפּ אירע עטלעכע שאָ, וואָרום באַגינען איז זי שוין אַף די פֿיס—צו דער בע-היימע און אין גאָרטן. אַזוי טאָג נאָך טאָג ביז שאַבעס קומט, דעמאָלט טוט בלומע אָן איר וויים באַטיסטן קליידל, און זי פֿאַרפֿלעכט איר לאַנגע צעפּ; פֿאַר ראַכמיליען פּרעסט זי אויס אַ נײַע בלוזקע און זי זעצט זיך וואַרטן אַפֿן טאַטן. שאַבעס איז דער טאַטע אַביסל צוגע-לאָזטער, ער שרײַט ניט און באַם טיש דערציילט ער נײַס פֿון די בלעטער. שאַבעס קומען צו בלומען אירע כאַווערטעס. פֿאַרן עסן נאָך טאַנצט אַרײַן פּעלטע. זי איז אויסגעפּוצט פֿון אויבן ביז אַראָפּ; אירע גרויע, פֿלינקע אויגן זוכן אַרום איבערן גאַנצן שטוב און זי רעט גיך-גיך מיט אַ ניגנדל:

— גוט שאַבעס, בלומע, פֿאַרוואָס זעט מען דיך נישט? זע נאָר, ווי געפֿעלט דיר מײַן נײַער שאַרף? אַן עמעסע פֿאַנטאַזיע (אַ קוועטש אַפֿן י') און וואָס זאָגסטו עפּעס אַף דער גאַזאָווער בלוזקע, אַפֿילע דער בוכהאַלטער מאָדל האָט זיך שוין געוווּנדערט, וואָס פֿאַראַ איידל געניי דאָס איז... כ'האָב זי טאַקע גענייט אין ווערייקע, וואָס דען? די היגע פֿאַר-טאַטשעס קאָנען דאָך נאָר איבערפֿירן! שאַ! דו קאָנסט דאָך אים אַפֿילע ניט, דעם אָרעסער בוכהאַלטער, ער איז דאָך פֿאַרליאַפּעט אין מיר...

און פּעלטע האָט ווידער גערעט צו בלומען:

— זע נאָר, דו ביסט דאָך אַ גאַנץ שיין מיידל, אַפֿילע, אַז דו גייסט אַזוי פּאָשעט אָנגעטאָן. דו וואָלסט געדאַרפֿט עפּעס טאָן מיט דײַן פּאָדערשטן ציינדל, ער פּאַטערט דיר דעם גאַנצן פּאָנים, נעם אים אַרויס און פֿאַרטיק...

פּעלטע דערמאָנט זיך, אַז אין שטוב וואַרט שוין אַף איר דער טאַטע מיטן עסן, אַנטלויפֿט זי שנעל און בלומע בלײַבט איבער מיט אַ פֿאַרקלעמטן האַרצן...

... שטענדיק, ווען זי רעט מיט איר, פּעלטע, מוז זי מיט עפּעס אַ שטאָך טאָן... נישקאָשע, דער צאָן מאַכט איר גאָרניט אַזוי קאַליע דעם פּאָנים, ווי פּעלטע זאָגט. זי איז דאָך נאָך וואָס געקומען פֿון דאָקטער, פּעלטע, און ס'איז נישטאָ די מינוט, אַז איר זאָלט עפּעס ניט וויי טאָן... און זי, בלומע, האַלעוואַי אַף ווײַטער, זי האָט זיך נאָך קיינמאָל ניט געאייסעקט מיט קײַן דאָקטוירים...

די שאַבעסדיקע וועטשערע גייט אַריבער רויק, ראַכמיליע קוקט אַפֿן טאַטן און שמייכלט: דער טאַטע פֿאַרענדיקט דאָס עסן און כאַפּט אַ דרעמל באַם טיש און ס'קומט

צוגיין איטקע אַרויסשלעפּן אַביסל בלומען אָפֿן שפּאַציר. איטקע איז ווי טאָמיד אויפֿגעלייגט און פֿריילעך, זי האָט נעכטן באַקומען אַ בריוו פֿון איר יאַנקלען, פֿון די כערסאָנער קאָלאָניעס, שרײַבט ער, אַז איצט איז שוין בעסער, די מעלוכע האָט זיי אַסאַך געהאָלפֿן און זיי דאַרפֿן נאָר איבערקומען דעם זומער וועט אַלץ זײַן גוט...

איטקע האָט אַ פּאָר אָפּענע בלויע אויגן, דער פּאָנים איז בײַ איר, ווי בײַ אַ שיין יינגל און אַז זי טוט נאָך אָן איר וועלאָסיפּער-היטעלע איז אַף איר אַ מעכאַיע צו קוקן... זי גייט צו צו בלומען און קוקט איר אַרײַן אין די אויגן:

— וואָס האָסטו זיך אַזוי אָפּגעלאָזן, בלומע?

בלומע דערציילט איר, ווי אַזוי ס'איז איר איצט צוגעקומען פֿון אַלע זײַטן און איטקע זאָגט:

— מע דאַרף ניט אַזוי, בלומע,—זי דערציילט איר, אַז צו האַרבסט וועט זי יאַנקל אַרויסנעמען אין די קאָלאָניעס. בלומע טוט זיך דערוואַילע אָן און זיי לאָזן זיך בײדע אַוועק...

ס'איז אַ שיינער אָוונט פֿון יענע אָנהויב-זומערדיקע אָוונטן וואָס מידן נישט אײַן מיט זייער היץ, און ס'וואָלט זיך וועלן אומגיין אָן אַ ציל, אַבי ס'זאָל דיך באַגלייטן דער בלויוואַרצער אויסגעשטערנטער הימל... ס'איז דער דרויסן איצט אויפֿגעלעבט. מע שפּאַצירט, מע לויפֿט אין קינאָ, אָפֿן גאַניק פֿונם דאָרפֿהויז איז אַ היפּשער געזעמל; דאָס דאַרף זיך שוין באַלד אָנהייבן די לעקציע וועגן אינדוסטריאַליזאַציע. בלומע מיט איטקען שפּאַצירן צוערשט דורך דעם מאַרק, דערנאָך לאָזן זיי זיך באַרג אַראָפּ צו דער מיל צו און ס'קומען זיי אָן אַנטקעגן מאָדל מיט פּעלטען. פּעלטע טוט זיך אַ וואָרף:

— זײַט באַקאַנט!

מאָדל באַקענט זיך מיט בלומען. ער איז אַן איידלמאַן. בלומע באַמערקט אין דער נאַכט-בלויקײַט, וואָס פֿאַר אַ דינע, ווײַסע האַנט בײַ אים איז, ווען ער נעמט זי אַרויס פֿון דער הענטשקע, ער פֿאַרנויגט זיך זייער מילד און זאָגט:

— איסאַק מאָדל!

איסאַק זאָגט ער גאָר שטיל און דערהערן דערהערט מען נאָר דעם מאָדל... בלומען איז עס אָנגענעם און זיי גייען שוין איצט איניינעם... בלומע שווײַגט, איטקע זאָגט אויך גאָרנישט, נאָר פּעלטע בעט זיך:

— איז נו, כ' מאָדל, דערציילט אונדז עפּעס פֿון אָדעס.

מאָדל לאָזט זיך אַפֿריער היפּש בעטן:

— וואָס זאָל איך אײַך דערציילן?

פּעלטע אָבער לאָזט נישט אָפּ, און מאָדל נעמט פּלעכטן איין מאַיסע נאָך דער צווייטער, פּעלטע האַלט די גאַנצע צײַט אין איין וווּנדערן זיך, נאָר איטקע טוט בלומען אַ שושקע אין אויער:

— ער שטעפּט דער באָכער, ווי איך בין אַ ייִד!

זיי פֿאַרגייען אַזוי ביז צו די מאָהילקעס... די בערגלעך זײַנען דאָ זייער געראָטענע צום זיצן, זעצט מען זיך אויס און פּעלטע בעט מאָדלען, ער זאָל עפּעס זינגען:

דאָ לאָזט זיך שוין מאָדל ניט בעטן, ער צענעמט זיך:

„Гондолёр молодой

Твой взор полон огня“ — — —

פּעלטע קוקט אַף אים מיט אַנטציקונג, בלומע באַטראַכט אים, ווי ס'קרימט זיך בײַ אים אויס דער מויל, ווען ער זינגט און איטקע—אָט אַ שעד—צעלאַכט זיך אינמיטן דערינען:

— איר זינגט דאָך, אַז די פּאָדעשוועס צעגייען פֿאַר זיסקײַט!

איז פּעלטע אַרויס מיט לאָשן:

— פֿאַרצײַט, כאַווער מאָדל, זי איז בײַ אונדז ניט קיין וואָספּיטאַנע. זינגט, זינגט, איך וועל אײַך אונטערהאַלטן.

האָט שוין איטקע נאָך שטאַרקער זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט:

— זי איז דאָך גאָר אַ באַלערינע!

אָפּגעזאָגט און גלײַך אַריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט און זיך אַוועקגעיאָגט איבער דעם גראָזיקן פּלאַץ. נאָך איר האָט זיך טײַקעף געלאָזט לויפֿן בלומע, מאָדל האָט זיך אַ יאָג געטאָן דער דריטער און נאָך זײ אַלעמען איז נאָכגעלאָפֿן פּעלטע אַ פֿאַרסאָפּעטע. באַלד איז שוין קלאָר געווען: איטקע איז געלאָפֿן גלאַט אין דער וועלט אַרײַן. פּעלטע האָט זיך אַליין געשלעפּט פֿון הינטן און מאָדל האָט זיך געיאָגט נאָך בלומען. בלומע האָט זיך אָן עפּעס פֿאַרטשעפּעט און אומגעפֿאַלן, האָט זי מאָדל דעריאָגט און גענומען שלעפּן פֿאַר די הענט, טכּלעס האָט זיך בלומע געלאָזט שלעפּן, דערנאָך האָט זי זיך פּלוצים געטאָן אַ גלײַך אויס, אַ נעם געטאָן מאָדלען אַף די הענט און אים אַוועקגעטראָגן, ווי מע טראָגט אַ קליין קינד. מאָדל האָט זיך געריסן פֿון אירע הענט. ער איז אָבער געווען שטאַרק אײַנגעקרעמפּעוועט און ער האָט געמוזט שווײַגן. פּעלטע מיט איטקען זײַנען געזעסן פֿאַרוווּנדערטע אַפֿן גראָז און אַז בלומע האָט מאָדלען געבראַכט צוטראָגן האָט זיך מאָדל אויסגעגלײַכט אַ פֿאַרשעמטער, ער האָט זיך אָפּגעווישט די ברילן און נאַרישעוואַטע אַ מאַך געטאָן.

— וואָס זאָגט איר אַף איר? באַ אונדז אין אָדעס...

און ס'איז אַוועק אַ מעשׂה וועגן אָדעסער צירקאַטשקעס און דראָטגייערנס, וואָס פֿאַר אַ קונצן זײ באַווײַזן עס.

איטקע האָט אים אָבער איבערגעהאַקט:

— זינג גאָר עפּעס, בלומע, זאָלן זײ זען, ווי אַזוי אונדזערע קליינשטעטלדיקע זינגען!

בלומען איז איצט געווען פֿריילעך, זי האָט דערפֿילט, אַז זי איז אַזאַ שטאַרקע, ווי אַמאָל איר מאַמע, האָט זי טאַקע אָנגעהויבן דער מאַמעס לידל:

„זײַן פּאָנים, זײַן צורע,
„זײַן איידעלער פֿאַסאָן,
„אין האַרצן ברענט אַ פֿײַער
„און קיינער זעט ניט אָן...”

נאָר דידאָזיקע איטקע! וואָס איז עס מיט איר הײַנט? זי האָט ווידעראַמאָל אויסגעשאָסן אַ געלעכטער:

— כאַ-כאַ-כאַ—אַ פּאָנים, אַ צורע מיט אַ איידעלן פֿאַסאָן... אוי אַ פֿאַסאָן, אַ נאַכעס אַף טשוואַכעס.

בלומען האָט איר געלעכטער ניט געאַרט... זי האָט ווייטער געזונגען, אין דרויסן איז געהאַנגען אַ מעכאַיעדיקע זומערנאַכט...

## וואָס איז מיט ראַכמילען?

אַף בלומען האָט זיך אָנגערוקט אַ נײַער אומגליק.

ראַכמיליע איז געקראָכן אַפֿן בוידעם, האָט ער זיך דאָרט אָן עפּעס פֿאַרטשעפּעט און איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿונם בוידעם מיט אַ מוירעדיקן געשריי. אין שטוב איז צו דער צײַט קיינער ניט געווען; זײַנען זיך טײַקעף צוזאַמענגעלאָפֿן שכיינים און מע האָט געכאַפּט מינטערן ראַכמילען. מיכל דער טשערעדניק האָט געכאַפּט פֿון פּירהויז אַ פֿולן עמער וואַסער און אָפּגעגאָסן ראַכמילען פֿון קאָפּ ביז די פּיס. כאַיע-גיטל די כאָמכע האָט דאָ אויך ניט געפֿעלט, זי האָט געשריען:

— וואָס טוט איר עס, רעב מיכל, ער האָט דאָך ניט געכאַלעשט.

מיִכל איִז שוין צוגעלאָפֿן מיִט נאָך אַן עמער וואַסער, ער האָט געשאָקלט מיִטן קאָפּ ווי אַ פֿערד און געשריִען:

— ניִשקאָשע—ס'וועט שוין זײַן גוט וועט זײַן! נאָך איין עמער וואַסער איִז ער געראַטעוועט!

ראַכמיִליע האָט אָבער אַ וויִלדן ריִטשע געטאָן:

— גוואַלד מײַן פֿוס!

דאָס גאַנצע שטיבל איִז געווען געפּאַקט מיִט אָנגעלאָפֿענע שכיינים, און קיינער האָט ניִט געוווּסט, וואָס צו טאָן. ס'איִז אָנגעקומען דער טאַטע פֿון בעסמעדרעש, ער איִז צוגעגאַנגען צו ראַכמיִליען. ער האָט איִם געכאַפּט אויפֿהייבן פֿון דער ערד; ראַכמיִליע איִז געלעגן איִן אַ לוזשע 'וואַסער און געשריִען מיִט אומענטשלעכע קוֹיכעס; ס'האָט זיִך אַרײַנגעשטופּט מייער-מיישע דער פֿעלדשער מיִט זײַן בײַכל, דאָ איז ער שוין ניִט געווען דער מייער-מיישע, וואָס איִן שטאָב, ער האָט קוידעמקאָל אויסגעשריִען:

— מאַרש! אַלע אַרויס!

דיִ שכיינים האָבן זיִך צערוקט, מע האָט געכאַפּט ראַכמיִליען און אַרופֿגעלייגט איִם אַפֿן בעט, מע האָט איִם אויסגעטאָן און מייער-מוישע האָט זיִך צו איִם אָנגעבויגן:

— וואָס טוט דיִר וויי?

דער איִדיִאָט האָט זיִך געריִסן:

— מײַן פֿוס! מײַן פֿוס!

מייער-מוישע האָט זיִך צעלאַכט מיט זײַן ליִב געלעכטערל:

— דײַן פֿוס! אַוואַדע איִז עס דײַן פֿוס, ניִט קיינעמס!

ער האָט איִם איִבערגעבונדן און אָפּגערופֿן סראָליען איִן אַ זײַט:

— ס'האַלט מיט איִם שלעכט! מע וועט איִם מוזן גיִפּסעווען דיִ פֿוס!

סראָליע איִז געשטאַנען, אַנטקעגן איִם און זיִך געשאָקלט, מיִט דער האַנט האָט ער געמאַכט ווי בײַם זעגן האָלך, און מייער-מיישע האָט אויסגעקוויִטשעט:

— וואָס שאָקלט איִר זיִך, וויִ אַ... ער האָט סראָליען אַ נעם געטאָן פֿאַר דער באָרד און אָפּגעציילט:

— נעמט שוין אַ פֿור און פֿיִרט איִם איִן ווערייקע!

מייער-מוישע איִז גיִך אַוועק, אַזוי וויִ ער וואָלט זיִך געאײַלט אַף אַ וויִכטיִקע אַרבעט און סראָליע איִז געבליִבן זיִצן, וויִ אַ ליימענער גוילעם... ס'איִז אָנגעקומען פֿון גאָרטן בלומע, זיִ איִז ניִט טויט, ניִט לעבעדיִק צוגעפֿאַלן צו ראַכמיִליען:

— וואָס איִז דיִר?

סראָליע איִז מיִט זײַנע קלייניִטשקע פּיִסעלעך אַרומגעשפּרונגען איִבערן שטוב און געהאַט טאַינעס צו דער וועלט:

— אַ ווערטעלע צו זאָגן! ווו נאָר אַ פּוראָניעס דאַרף עס מיִך טרעפֿן! אַזאַ מיִן בּור דאַרף זיך שלעפֿן איִנמיִטן העלן טאָג אַפֿן בוידעם! ער איִז צוגעגאַנגען צו דעם קרעכצנדיִקן ראַכמיליען און אַרײַנגעשריִען איִם איִן פּאָניִם אַרײַן:

— רעצויעך, מע קאָן דאָך פֿון דיִר ניִט אויסהאַלטן!

בלומע איִז שטרענג צוגעלאָפֿן צו סראָליען:

— דער רעצויעך ביִסטו דאָך טאַטע! וואָס האָט דער פֿעלדשער געזאָגט? סראָליע האָט זיִך אונטערגעגעבן:

— ער זאָגט, וואָס זאָל ער זאָגן? ער זאָגט, וואָס אַ פֿעלדשער דאַרף זאָגן—פֿיִרן איִם קײַן ווערייקע! אַ ווערטעלע צו זאָגן—פֿיִרן און געלט?

בלומע האָט שוין דעם טאַטן ניִט געהערט, זיִ האָט אַרופֿגעכאַפּט אַף זיִך עפּעס אַ פּעקל:

— איִך לויף דיִנגען אַ פֿור!

בלומע האָט זיך איינס-צוויי צונויפֿגערעט מיט אַ פּויער, זי האָט פֿאַרכאַפּט מיט זיך אַ שטיקל ברויט מיט אַ פֿלעשל מילך און איז מיט ראַכמיליען אַוועקגעפֿאָרן קיין ווערייקע.

ס'איז אַ וויאָרסט 25 וועג... דער וועג איז אַ זאַמדיקער און אַ קראַנקער ליגט אין וואָגן פֿאָרט מען פּאַמעלעך; ראַכמיליע קרעכצט אונטער פֿון אָנהויב, דערנאָך דרעמלט ער צוביסלעך, דאָס פֿערדל שלעפּט זיך אויך אין דרימל... און דער וועג איז אַ שטילער... ער ציט זיך דורך גרויע שטרויענע דערפֿלעך; באַזײַט וועג שנײַדן זיך די פֿעלדער, ווי גרויסע יאָנטעוודיקע לעקעכער.

בלומע טוט זיך אַ טראַכט, אַז אין קאָלעקטיוו איז ליימע איצט געוויס אַפֿן פֿעלד, זײַן פּאָנים איז נאָך שוואַרצער איצט, ווי טאָמיד, פֿון דער בראָטנדיקער זון, ער איז אַ פּראָסטער, ווי טאָמיד, ער איז זייער שטאַרק פֿאַרנומען און טוט זיך שוין מיסטאָמע גאָר אָפּט אַ וויש די נאָז מיטן מיטלסטן פֿינגער... אָי ווי בלומע פֿלעגט אים ניט ליב האָבן דערפֿאַר... בלומע דערמאָנט זיך, ווי אַזוי ער איז מיט איר פֿאַראַיאָרן זומער געגאַנגען איבער דער פֿערמעלע, זי איז דעמלט געווען עפּעס מאָדנע וואַך, איר האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט זיך פּלוצים אויפֿגעעפֿנט פֿון אַסאַך שלעסער, און זי האָט געוואַרט ער זאָל איר עפּעס זאָגן אַזוינע רייד, וואָס זאָלן זי אַרומנעמען אינגאַנצן, וואָס זאָלן זי אַ כאַפּ טאָן און אַוועקפֿירן ערגעץ ווײַט... און ער נעמט גאָר אַרויס זײַן אַלט צוגעלאַטעט טאָרבעלע מאַכאָרקע, פֿאַרוויקלט אַ גראָבן-מאַכאָרקע-פּאַפּיראָס און זאָגט איר עפּעס אַזוי טערפּקע:

— ווען דו ביסט שוין מײַנע, בלומע, שטעל איך אַף דער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג די פֿראַגע, אַז מע זאָל אונדז אָפּגעבן דעם „טריטשאַקל“.—ער האָט דערבײַ אַ ווײַז געטאָן מיט דער האַנט אַף דאָס קליין פֿליגל-שטיבעלע, נעבן דעם גרויסן פֿראָנט-הויז. און איר איז שוין דעמלט אַזוי שווער געוואָרן פֿונם דאָזיקן טריטשאַקל זײַנעם, בלומע דערמאָנט זיך, ווי אַזוי ער האָט זי דעמלט אַ נעם געטאָן פֿאַרן האַנט; ער האָט נאַריש געשמייכלט און זיך געבעטן:

— זאָג עפּעס, בלומע!

— און זי, בלומע, האָט אַ ריס געטאָן איר האַנט פֿון זײַנע און זי האָט אים בייז געזאָגט:

— ביסט אַ מאָדנער מענטש, טשעפּע מיך נישט...

אָט זעט זי ווי זיי גייען ביידע שווײַגנדיקע, ליימע צוקט מיט די אַקסלען, ער איז אומרויִק, ער הויבט אָן צו איר עפּעס שטאַמלען:

— בלומע, וואָס ביסטו בערויגעז אַף מיר?—און זי זאָגט אים גאָרנישט זי גייט ווײַטער אַ שווײַגנדיקע — — —

בלומע זיצט אַזוי אַ פֿאַרקלערטע אין וואָגן, דער וועג וויקלט זיך דורך שטילע זומער-טוועס, די דערפֿלעך זײַנען דאָ היימישע, אייגענע און אינמיטן טוט זיך ראַכמיליע אַ כאַפּ אויף:

— מײַן פּ-וס! מײַן פּ-וס!

זי פּויעט אים אָן מיט אַ קאַפּעלע מילך, ראַכמיליע ווערט אַנטשוויגן און ווידער איז שטיל, נאָר דער ריטמישער טרייסל פֿון וואָגן און סקריפּ פֿון די רעדער; בלומע זעט ווי ס'אָטעמט דער שלאָפֿנדיקער ראַכמיליע, ס'איז איר אומעטיק-זיס אַפֿן האַרצן און ס'שווימט פֿאַר איר אַרויס דאָס קליינע ווענעלע וואָס פֿירט פֿון דער פֿערמעלע ביז דער ווינטמיל. ער, ליימע איז זייער אויפֿגעלייגט, ער לייגט אַריבער זײַן שטאַרקע ביינערדיקע האַנט איבער איר פּלייצע און ער זאָגט:

— בלומע, צו וואָס טויגן אונדז די שטיק? לאָמיר אַוועקגיין, זיך פֿאַרשרײַבן און גענוג!

בלומען האָט דעמלט נאָר שטאַרק פֿאַרדראָסן, וואָס ער זאָגט עס אַזוי גראָב, האָט זי אים בייז אָפּגעשניטן:

— איך פֿאַרשרײַב זיך ניט אַזױ אײנס און צװײ, אַף מײַן כאָסענע װעט זײַן אַ כופּע מיט קלעזמער און ס'װעלן זײַן די שענסטע ייִדן פֿון זעמבערלע!

און פֿון דעמלט אָן האָבן זײ זיך אָפֿטערס אָנגעהױבן קריגן. ס'האָבן זיך אױסגעװוּכט אַזױ װי פֿון אונטער דער ערד אַלערלײ קלײניקײַטן אַף טשעפּען זיך אײנער צום צװײטן, ציִ דען איז איר דעמלט טאַקע אָנגעגאַנגען אַזױ שטאַרק די כופּע מיטן ראָװ מיט די שײנע ייִדן? — — —

ס'האָט אַ שטאַרקן טרײסל געטאָן; דער װאָגן האָט זיך אָנגעקלאַפּט אָן אַ שטײן. ראַכמיליע האָט זיך אױפֿגעכאַפּט:

— אַ טרונק!

בלומע האָט אים װידעראַמאָל צוגעטראָגן דאָס פֿלעשל צום מױל און זי איז שטאַרק צופֿרידן געװען, װאָס ראַכמיליע איז װידער אײַנגעשלאָפֿן. און אַזױ גײט שױן דער װעג ביז װערײקע; דאָרט פֿאַרפֿאָרן זײ אַף דער זעמבערלער אַכסאַניע. בלומען קאָן מען דאָרט, מע רופֿט זי בלומעלע, װי אַן אײגענעם מענטשן, און אַף מאָרגן פֿאַרפֿירט זי ראַכמיליען אין שפּיטאָל אַרײַן.

דער הױפּט-דאָקטער באַקוקט אים און ער צעלאַכט זיך:

— װער האָט אײַך געהײסן פֿירן אים אַהער?

— אונדזער פֿעלדשער.

— װאָס-זשע האָט ער געפֿונען בײַ אים?

— צעבראָכן די פֿיס!

— אײַער פֿעלדשער איז אַ קאָנאָװאַל... ס'איז נאָר אַ שטאַרקער לונק בײַ אים, מיר װעלן אים דאָ אַ טאָג דרײַ האַלטן מיט אַ באַנדאַזש און דערנאָך מעגט איר אים אַפֿילע אָפּגעבן אין סאָלדאַטן...

בלומע קריפּט ניכער איבערגעבן אַהײם די גוטע ידיִעה און ס'איז איר אין װערײקע פֿרײלעך... זי זוכט זיך אַפֿילע אױס עטלעכע כאַװערטעס... אײנמאָל גײט זי זיך אַזױ פֿון שפּיטאָל צו איר אַכסאַניע און זי דערזעט פֿונװײַטנס דעם בוכהאַלטער מאָדל... זי באַמערקט, אַז ער קוקט אַף איר, דאָך אַז ער דערנענטערט זיך מאַכט ער זיך, אַזױ װי ער זעט זי ניט; ער גײט פּאַמעלעך צו האַרט צו איר און ער פֿאַרװוּנדערט זיך פּונקט, װי ער האָלט זי ערשט דערזען:

— האָ, ב-טע בלומע, װאָס טוט איר דאָ?

בלומען פֿאַרדריסט, װאָס ער מאַכט זיך טאַמעװאַטע, זאָגט זי אים:

— איך בײ מיר דאָ אַ קלײד!

מאָדל האָט דערפֿילט דעם שטאָך און ער האָט זי װידער געפֿרעגט:

— און װוּ האָט ער זיך אָפּגעשטעלט?

בלומע זאָגט אים, אַז אין דער זעמבערלער אַכסאַניע און מאָדל טוט אַ דרײ דאָס שטעקעלע אין דער לופֿט:

— גוט, װאָס איר זײַנט געקומען; כ'האָב דאָ אַף אַ פּאָר טעג אַרבעט, װעט טאַקע ניט זײַן אומעטיק!

בלומען איז דערפֿון ניט קאַלט און ניט װאַרעם, דאָך אַז מאָדל בעט זי שפּאַצירן אַביסל, גײט זי מיט אים. ער איז זײער אַן אײדעלער און אַז ער טוט אױס די פּענסנע, זײַנען בײַ אים די אױגן פֿאַרצױגן מיט אַ דין רױכל.

מאָדל כאַפּט זיך אַרײַן צו בלומען עטלעכע מאָל אַ טאָג. אײנמאָל איז ער געקומען בעשאַס ראַכמיליע איז שױן געװען אױסגעשריבן פֿון שפּיטאָל, און זי האָט געװאַרט אַף

אַ פֿור. מאָדל האָט דערזען ראַכמיליען און ער האָט ניט געוווסט וואָס צו זאָגן. ער איז צוגעגאַנגען צו אים און גענומען זיך ווישן די פּענסנע:

— וואָס מאַכט איר עפּעס, וואָס מאַכט אײַער פֿוס?

ראַכמיליע האָט אַף אים אויסגעשטעלט צווייַ גלאָצערס און זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט. מאָדל האָט זיך אַראָפּגעזעצט אַף דעם נאָענטן בענקל, ער האָט זיך צוריק אופֿגעשטעלט און ראַכמיליע האָט אים אַ זאָג געטאָן:

— גיי, דו אָ......

ער האָט זיך ווידער פֿאַנאַנדערגעלאַכט און ניט דערענדיקט; בלומען איז געוואָרן אַ כאַרפּע, איז זי צוגעגאַנגען צו מאָדלען:

— נעמט זיך ניט צום האַרצן פֿון זײַנע רייד;—זי האָט אַ נעם געטאָן מאָדלען פֿאַרן האַנט און אים אַרויסגעפֿירט פֿון צימער. בלומע האָט מאָדלען געוואָלט איצט מיט עפּעס פֿאַר־גיטיקן, האָט זי אים גענומען דערציילן, ווי זי לײַדט אינדערהיים, ווי זי איז עלנט... מאָדל האָט אַפּאָנים דערפֿילט, אַז זי איז צו אים גוט האָט ער זיך אומגעקוקט צי קיינער זעט ניט, ער האָט זיך געטאָן אַ האַסטיקן דריי, אַרומגעכאַפּט בלומעס פּאָנים און געטראָפֿן איר אין שפּיץ נאָז.

בלומע האָט זיך געוואָלט אײַנהאַלטן פֿון לאַכן און האָט ניט געקאָנט... ס'האָט זי געוואָרגן דער מיידלשער פֿולבלוטיקער געלעכטער... מאָדל האָט זיך געוואָלט מיט עפּעס פֿאַרענטפֿערן, האָט ער אָנגעהויבן:

— באַ אונדז אין אָדעס...—דאָס, וואָס ער האָט דערציילט, האָט זיך ניט געקלעפּט און בלומע האָט שוין סאַיווי קײַן צײַט ניט, האָבן זיי זיך צעזעגנט און מאָרגן באַגינען איז זי אַוועקגעפֿאָרן... מאָדל האָט זיך נאָך פֿאַרהאַלטן אין ווערייקע אַ פּאָר טעג.

איצט קומט שוין מאָדל אָפּט נעמען שפּאַצירן, ער גייט די לעצטע צײַט נישט מיט עמעצן אַנדערש.

אָט אין דיזאָזיקע טעג האָט זיך צו איר אַרײַנגעכאַפּט פעלטע, טכילעס האָט זי גע־נומען ריידן זיסע ריידעלעך, ווי זי קען, צום סאָף האָט זי אָבער אויסגעבראָכן:

— נעם דיר אים, מאָדעלען, איך דאַרף אים אַף צען קאַפּאָרעס, דער טעכניק כאַ־לעשט דאָך נאָך מײַנע טריט... און דו ביסט דאָס די עמעסע קראַסאַוויצע מיט דײַן פֿאָ־דערשטן ציינדעלע...

בלומע האָט זיך אַ שטעל אוף געטאָן פֿון בענקל:

— איך קאָן דאָך דיך, פעלטע, איך וויל מער פֿון דיר אַזוינס ניט הערן, וואָס ביסטו געקומען קריגן זיך צו מיר אין שטוב אַרײַן?

פעלטע האָט אָנגעהויבן מיט גאָר אַן אַנדער ניגון:

— אַ שיינע כאַוועריטע באַ מיר, ניטאָ וואָט צו ריידן!—זי האָט אַ זעץ געטאָן מיטן טיר און אוועק...

בלומען ווערט שווער אַפֿן האַרצן פֿון פעלטעס וויזיט, זי פֿילט, אַז זעמבערלע וועט באַלד ווידער האָבן מיט איר צו טאָן... און דאָ איז אינדרויסן זומער־לעבן... די קאַרטאָפֿ־ליעס האָבן זיך גוט צוגענומען, די אוגערקעלעך האָבן שוין ארויסגעלאָזט קליינע בלעטע־לעך, נאָר דער טיטון איז באַ די בלומען ניט אַזוי פֿויגלדיק. פֿאַר דער וואָך, וואָס זי איז אינדערהיים ניט געווען, האָט זי אים ניט באַגאָסן, איז ער אַביסל פֿאַרטריקנט געוואָרן, דער טיטון דאַרף האָבן אַסאַך פֿײַכטקײַט. בלומע טוט זיך אַ נעם צום טיטון... איבער די בייטן פֿליען שוין אַרום גאַנצע מאכנעס בינען; אַז דו גייסט צו צו די קלייניקע געוויקסעלעך, טוט דיר אַ ברום אַנטקעגן אַ געזאַנג פֿון טויזנטער פֿליגעלעך, און אינדערהויך איבערן קאָפּ טאַנצן די באַבעלעך, טויזנטער, טויזנטער זײַנען זיי און זיי זעען אויס אין דער לופֿטן ווי קליינע שוואַרצע פּינטעלעך. בלומע האָט ראַכמיליע געלאָזט אינדערהיים און זי אַרבעט דאָ איינע אַליין... איטקע דעם קוואַסניקס אַרבעט אַנטקעגן, אף איר טאַטנס גאָרטן, און אַז

זי ווי̆ל זיך אביסל אָפּרוען, קומט זי צו בלומען; בײַ איטקען איז ניטאָ קײן פֿאַרשטעלטע רייד, זי זאָגט בלומען אָפֿן.

— מאָדל וועט זיך שוין איצט ארומשלעפּן מיט דיר, מיר איז דאָך געוויס אלצײנס, אַבי ניט מיט דער ווירזשעניע... איך בין זיך מעכײַע, מאָלאָדעץ בלומע...

בלומע האָט זי אָנגעקוקט אַ פֿאַרוווּנדערטע:

— וואָס פּלאָנטערסטו, איטקע?

איטקע האָט זיך פֿאַנאַנדערגעלאַכט.

— כאַ-כאַ-כאַ! דו מײנסט, איך ווייס ניט, אַז צוליב דיר איז מאָדל געפֿאָרן אין ווע-רייקע? מיך אַרט דאָך דאָס געוויס ניט, אָבער זי, די ווירזשעניע?

איטקע גייט אוועק צוריק צו אירע בייטן און בלומע דערמאָנט זיך, אַז זי דאַרף שוין באַלד גײן אַהיים און ס'ווערט איר שווער... די שטוב אירע איז נאָך דער מאַמעס נעמט טויט געוואָרן אזאַ פֿאַרמאָרעשכוירעטע... ס'איז נאָך גוט, וואָס מאָדל קומט אמאָל און נעמט זי אין גאַס ארײַן. די לעצטע צײַט פֿירט ער זיך מיט איר אַזוי, ווי ער וואָלט אַף זיך געגוי-מען שווײַגן... נאָר אמאָל פֿאַרגעסט ער זיך און נעמט זאָגן לידגנס איז פֿון אים ניט אויס-צוהאַלטן... ער דערציילט איר, ווי אַזוי ער איז אַמאָל אַראָפּגעקומען מיט אַן אָטריאַד אין שטעטל און אַוועקגעלייגט צוועלף באַנדיטן אַפֿן אָרט...

ס'איז געווען פֿאַרנאַכטלעך און די טשערעדע איז גראָד געגאַנגען פֿון פֿעלד. איין בעהיימע האָט זיך אָפּגעטיילט און איז געגאַנגען גלייך אנטקעגן זיי... בלומע האָט דערזען, ווי מאָדל הויבט זיך אָן רוקן אין א זײַט, האָט זי אים אָנגענומען פֿאַרן האַנט און אַ זאָג געטאָן:

— איר זײַט דאָך אזאַ העלד און איר האָט מוירע פֿאַר אַ בעהיימע?

מאָדל איז געוואָרן בלייך און רויט און האָט פלוציִם מיט דערשראָקענע אויגן זיך אַ לאָז געטאָן לויפֿן אַף צוריק... בלומע האָט זיך דעמלט געגוג אָנגעלאַכט; ס'איז איר אײַנגאַנצן ניט פֿאַרשטענדלעך געווען, צו וואָס דאַרף ער זיי די ליגונים... אין אַ פּאָר טעג אַרום, אַז מאָדל איז געקומען צו בלומען, האָט ער זיך געהאַלטן אַזוי ווי אַ פֿאַרשולדיקטער און ער האָט ווידער אַ שטיקל צײַט געשוויגן. בלומע האָט אַף אים קײן שלעכט האַרץ ניט געהאַט, זי האָט זיך נאָר אַביסל צוגעוויינט צו אים... ס'האָט לאַנג ניט געדויערט און ער האָט ווידער אָנגעהויבן דרייען ליגנס...

— איר ווייסט,—האָט ער איר אַמאָל אַ זאָג געטאָן—ווען איך וויל נאָר, נעמט מען מיך הײַנטיקן טאָג ארײַן אין דער פּאַרטיי. זיי בעטן זיך דאָך בײַ מיר:—כאַוועד מאָדל, זאָגן זיי, פֿאַרוואָס מײַדט איר אונדז, איר מיט אײַערע בוכהאַלטאָרישע פֿעיִקײַטן וואָלט דאָך אונדז געקאָנט די גאַנצע מעלוכע פֿירן...

בלומע גיט זיך מיט אים אַ רייך:

— און טאָמער איז דאָס אַ ליגן?

מאָדל באַליידיקט זיך:

— וואָס, איר גלויבט מיר נישט, איר ווייסט דען, וואָס פֿאַר אַ פֿאַרדינסטן איך האָב? און ס'הויבט זיך אָן בײַ אים אַ מאַיסע, ווי אַזוי ער האָט אין אָדעס געראַטעוועט איינמאָל אַ דערטרונקען מיידל... ער האָט אַ טו אויס געטאָן זײַנע זאַכן און אין איין מינוט האָט ער זי שוין געהאַט אַף זײַנע הענט; זי האָט אים געוואָלט גליקלעך מאכן,—פֿאַרענדיקט ער—נאָר...

— נאָר ס'איז די גאַנצע מאַיסע אַ ליגן—כאַפּט אונטער בלומע.

דאָך איז בלומען גוט, ווען זי גיט אַ טראַכט, אז פֿון אַלע זעמבערלער מיידלעך האָט מאָדל זי אייגנע אויסגעקליבן... און אמאָל איז איר אַזוי ווי אַ ראַכמאָנעס אַף אים... ער איז אַן איידעלער און אַ דינינקער... איר דוכט זיך, ווען זי לייגט אַרוף איין האַנט אַף אים, וואָלט פֿון אים געווען אַ סאָף...

# בלומע פֿאָרט נאָך הײ.

װער זשע איז ער אָט דער אָ מאָדל? אין זעמבערלער שטאַב האָט מען אים נאָך אַלץ ניט צעקײַט; ס׳קאָן דאָך ניט זײַן, אַז ער איז גלאַט אַזױ אַ פּאָשעטער בוכהאַלטער אין אױספּירקאָם און מער גאָרניט. מיט מאָדלען האָט מען צוטאָן אַלע טאָג און אַלע שאָ פֿריער האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט מיט דער װיראַזשעניע, אַצינדער גײט ער שױן אַרום מיט בלומען. איז װאָס זשע װעט זײַן דער טאַכלעס? מאַירעם די שאַדכנטע האָט שױן אינגאַנצן געװאָלט אַראָפּלאָזן די הענט:

— עפּעס אַ שװאַרץ־יאָר איז ער דער מאָדל און געענדיקט.

האָט איר מײער־מױשע דער פֿעלדשער אױסגעשטראָפֿט:

— יאָגט זיך ניט, מאַירעם, דער שטאַב װעט זיך דערװיסן...

מאַירעם האָט פֿונדעסטװעגן אױפֿגעזוכט אַנדערע געשעפֿטן פֿאַרן שטאַב... זי איז געבאַנגען אױפֿמאַכן פֿאַרן ראָװ אַף אַ קאַפּאָטע: זי קאָן שױן ניט פֿאַרלײַדן מער, װי אַזױ דער „איך בעט אײַך איבער״, קוקט באַ אים אַרױס פֿון דער צעריסענער קאַפּאָטע, יעדערער האָט איר עפּעס געגעבן, און אַז זי איז געקומען אין שטאַב, האָט זי דערפֿאַר דערציילט עפּעס װעגן ראָװ, װאָס מע האָט נישט געקאָנט װיסן, צי איז עס אַ כאָכמע, צי אַ נאַרישקײַט...

— איך זאָג אים, רעבע, זאָג איך איך אים, איר זײַט דאָך באַ אונדז דער ראָװ אין שטאָט, און אײַער זון דער לערער אין דער יידישער שקאָלע װאָינט מיט אײַך אין איין דירע, װי אַזױ זשע דערלאָזט איר עס, אַז דאָס אײניקל זאָל זײַן ניט קײַן געמאַלטער?

מאָכט ער צו מיר—ציט װײַטער מאַירעם, זי פֿאַרלײגט דערבײַ די הענט אַף אַ הינטער, שטעלט אַרױס איר היפּשן בױך און נעמט אָן דעם ראָװס פּאָזע:

— מאַירעם—זאָגט ער,—ערשטנס דאַרף מען ניט שטעקן אומעטום די נאָז. צװײטנס זאָלסטו װיסן, אַז אָדאָם האָרישן האָט אױך אָפּגעלעבט אַ לעבן ניט קײַן געמאַלטער, און אַװראָם אָװינו איז ביז אַכציק יאָר אױך ניט געװען קײַן געמאַלטער... װאָס זאָגט איר אַף אַזאַ עטנפֿער?

— װאָט זאָל מען זאָגן אין שטאַב? מע לאַכט...

ניסיע דער קאָפּעראַטאָר האָט אַ בעסערע מאַיסע: דער פּריצעדאַטעל איז געגאַנגען צו סראָליע ליפּשעס פֿאַרשרײַבן די כודאָבע... סראָליע גײט אים אַרױס אַנטקעגן, דער פּריצעדאַטעל פֿרעגט:

— פֿערד האָסטו?—סראָליע שװײַגט.

— בהײמעס האָסטו?—סראָליע שװײַגט.

דער פּריצעדאַטעל שרײַט אָן אַף אים:

— דו זאָגסט צי ניין?

סראָליע שװײַגט...

דער פּריצעדאַטעל װערט רױט פֿאַר קאַס. ער טופּעט מיט די פֿיס:

— איך װעל דיר...

דערשרעקט זיך סראָליע און ער טוט זיך אַלײן אַ שנאָל אין גאָרגל:

— כ׳האָב דאָך קײַן „גאָלאָס״ ניט, װי אַזױ זשע זאָל איך רײדן...

כאַיע־גיטל די כאָמכע קאָן זיך גאָר ניט גלױבן, אַז סראָליע זאָל האָבן סײכל דערױף... נאָר דעריקער פֿון אַלע איקרים איז פֿאָרט מאָדל... די לעצטע צײַט גײט ער אַלע טאָג מיט בלומען. זאָל דאָס שױן טאַקע זײַן אַ שידעך? אַז װער קאָן זײ װיסן, הײַנטיקע באָכערים מיט די מײדלעך. בלומע גײט טאַקע איצט אָפּט מיט מאָדלען; גײן קאָן זי מיט אים נאָר אינאָװנט, אַ גאַנצן טאָג איז זי דאָך פֿאַרנומען אַפֿן גאָרטן. ס׳איז שױן אין זעמבערלע נאָך שװועס. דער טיטון איז אַרומגעזיעט, די ערד אַרומגעסאַפּעט. אַצינדער דאַרף מען

אַרומרײַסן די שטיף-בלעטלעך, פּאַסינקעווען. ביז די פּאַסינקעס באַווײַזן זיך גלויבט זיך ניט בלומען, אַז אָט וועלן עס טאַקע אַרויסוואַקסן גרויסע בלעטער טיטון... בלומע טראַכט זיך אַמאָל: אין ווערייקע אַז זײַ באַקומען אַ פּאַרטיק פּעקל מאַכאָרקע פֿון דער פֿאַבריק אַרויס, ווייסן זײַ גאָרניט וויפֿל האָרעוואַניע ס׳גייט אַוועק ביז וואַנען די גרויסע טיטון-בלעטער באַווײַזן זיך. ערשט באַם פּאַסינקעווען איז שוין בלומע זיכער, אַז ס׳וועט זײַן טיטון. בלומע האָט ליב דעם גאָרטן.

בלומע קאָן זיך איצט אין שטוב קײַן אָרט ניט געפֿינען. פֿאַר די לעצטע טעג האָט זי נאָך אויפֿגעהערט שלאָפֿן. אָפֿט קומט איר ליימע אַפֿן געדאַנק.

בלומע האָט אַ גרויסן פֿאַרדרוס אַף זיך און מיט דעמדאָזיקן פֿאַרדרוס שלאָפֿט זי אײַן אַף געציילטע שאָ, ווײַל מאָרגן איז ווידער אַ טאָג מיט גערטנער, מיט אַ שטוב און מיט גרויסע מיידלשער בענקשאַפֿט... בלומע הויבט אָן דערציילן מאָדלען פֿון אירע צאָרעס, וואָס זי האָט אין שטובי זי לאַכט שוין ניט פֿון אים, איר אַרט שוין ניט, וואָס פֿאַר אַ ליגנס ער זאָל איר ניט אָנדערציילן, אַבי זי זאָל זיך פֿאַרגעסן פֿון איר שטוב מיט איר טאַטן.

שאַבעס איז צו בלומען געקומען איטקע דעם קוואַסניקס מיט אַ נויטיקער זאַך:

— מאָדל האָט זיך געכטן באַרימט פֿאַרן שטאַב, אַז ער האָט דיך שוין צוגערעכט געמאַכט:

בלומע שטויסט זיך ניט אָן:

— וואָס הייסט צוגערעכט געמאַכט?

איטקע לייגט אַרויף איר האַנט אַף בלומעס אַקסל:

— זאָג דיר וואָס צו ווילסט, בלומע, מיר איז דײַן מאָדל פֿאַר דער לעצטער צײַט גאָר ניט געפֿעלן... מיילע, מײַן אייסעק איז דאָס ניט, טו ווי דו פֿאַרשטייסט!

איטקע באַווײַזט בלומען איר יאַנקלס פֿאָטאָגראַפֿיע, וואָס ער האָט צוגעשיקט פֿון כערסאָן...

בלומע קוקט אַף דער פֿאָטאָגראַפֿיע און זי וווּנדערט זיך:

— דו ווייסט, אַף וועמען יאַנקל איז איצט פּאָכאָזשע? אַף ליימע דעם קאָלעקטיווּשטשיק.

איטקע אַנטלויפֿט גיך, און בלומע בלײַבט אַליין מיט אַ פֿאַרקוועטשטן האַרצן.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מאַזל באַ איר? טאָמער פֿאַלט איר אויס אַמאָל אַ כאַיע-שאָ, פֿאַרגינט מען דאָס איר ניט. דוכט זיך איטקע איז ניט פּעלטע די ווירזאַשעניע, און דאַרף זי זיך אַרײַנדרייען מיט אירע מאַיסעס... זי ווייס איצט איינס, בלומע, ס׳איז איר גוט מיט מאָדלען... אַלע פֿאַרנאַכט קומט ער צו איר צוגיין.

איינמאָל האָט זיך בלומען געמאַכט אָפּקויפֿן אַ שאָק היי פֿאַר דער בעהיימע. די היי האָט זיך געפֿונען אַף די לאָנקעס, נאָך דער פֿערמעלע. מאָדל האָט זי געבעטן נעמען אַ פֿורל אַף אייגענע הענט, ער וועט אָנטרײַבן. זיי האָבן זיך ביידע אַרײַנגעזעצט אין וואָגן; מאָדל האָט גענומען אָנטרײַבן און שוין אַף דעם ערשטן אַראָפּבאַרג האָט ער זיי אויסגעקערט. בלומע האָט מיט אַ געלעכטער צוגענומען באַ אים די לייצעס... ס׳איז געווען פֿאַרנאַכטלעך, דער וועג איז געווען אַרומגעבערעמט מיט בלישטשענדיקער רעטשקע און מיט דינעם זײַדענעם לײַן. די זון האָט זיך פֿאַמעלעך געזעגנט הינטער דעם גרינעם באַרג און פֿון באַרג אַראָפּ זײַנען זיי אַ צענדליק יונגע קליאָנען נאָכגעפֿאָרן אַ גאַנצן וועג. מאָדל האָט אַרומגעכאַפּט בלומען מיט ביידע הענט... בלומע איז געווען פֿאַרנומען מיט אָנטרײַבן און אַז זיי זײַנען פֿאַרבײַגעפֿאָרן די פֿערמעלע האָט בלומע ניט באַמערקט, ווי ליימע איז געשטאַנען אַן אומעטיקער אַפֿן גאַניק פֿון דער פֿראָנט-שטוב און ער האָט זיי נאָכגעקוקט... בלומען האָט אַרומגעכאַפּט אַ ווילדע פֿרייד און אַז זיי זײַנען צוגעפֿאָרן אַף דער לאָנקע צום דעם היי איז שוין געווען אויס זון. די קליאָנען האָבן זיך נאָר איצט געבוקט פֿון אַנטקעגן

מיִט צעצוּנדענע פֿענסטערלעך, עטלעכע פֿויערים האָבן זיִך געטומלט אַף די אַרומיִקע לאַנקעס באַ סטויגן היי. בלומע האָט גענוּמען פּאַקעווען אַפֿן וואָגן די היי, מאָדל האָט זיִך אויך אַ כאַפּ געטאָן מיִט דער גראַבליע, און בלומע האָט געלאַכט:

— ער קאָן ניִט, מאָדל, ער איִז אַזאַ אומגעלומפּערטער...

דער וואָגן איז שוין באַלד פֿוּל, די היי שמעקט, אַז נאָר אַף שיִקער ווערן. פֿוּנוויַיטן האָט זיִך באַוויִזן אַ גרויסער בוּשל, ער איִז מיִט כשיִוועס אַרויסגעגאַנגען אַף אַ בערגעלע. בלומע האָט זיִך אַ לאָז געטאָן לויפֿן צום בוּשעל, מאָדל האָט זיך אַוועקגעיאָגט נאָך איִר... זי האָט ניִט געכאַפּט דעם בוּשעל, און מאָדל האָט זי ניִט געכאַפּט, דערפֿאַר אָבער האָבן שוין די לעצטע פֿויערים פֿאַרנומען די וועגעלעך היי און אַוועקגעפֿאָרן. און דאָ, אַפֿן לאַנקע. האָט זיִך איִצט אָנגעהויבן גאָר אַ נײַ לעבן. ס'פֿליִען, ס'יאָגן, ס'קאַטשען זיִך טויזנטער זשוּקעס, און באַבעלעך און פֿליִגעלעך און פֿעלד-פֿויגעלעך און וואַלד-פֿויגעלעך. ס'קוואָקען זשאַבעס, גרילן מאָלן און בלומע דערשרעקט זיִך:

— מאָדל! מיִר זײַנען דאָך דאָ אַליין!

דער וואָגן איִז שוין קיִמאַט אַן אָנגעלייגטער, אַציִנדער טוּט בלומע אַ וואָרף די וויִלע צוּ דער ערד און זי זאָגט מאָדלען. אַז ער זאָל נעמען צונויפֿשאַרן די היי מיִט דער גראַבליע. בלומע זעט ווי מאָדל נעמט די גראַבליע, ער שאַרט און די היי שאַרט זיִך ניִט. ער קוּקט אַף איִר מיִט אַזוינע איִבערגעקערטע אויגן. זי שרעקט זיך ניִט. זי פֿיִלט נאָר, ווי די קויכעס גייען איִר אויס, זי הויבט אָן ציִטערן מיִטן גאַנצן קערפּער. מאָדל גייט צוּ, ער בויגט זיִך אָן צוּ איִר:

— דיִר איִז קאַלט, בלומע...

בלומע טרייסלט זיִך מיִט די הענט און פֿיִס, ער נעמט זי פּאַמעלעך גלעטן, בלומע טוּט איִם אַ שלעפּ צוּ זיִך... צוּ זיִך... מאָדל פֿאַרגעסט זיִך איִנגאַנצן, נאָר בלומע טוּט זיִך אַ כאַפּ, זי גיִט איִם אַ וויִלדן שטויס אָפּ. און לויפֿט אײַנשפּאַנען דאָס פֿערד...

## פּיִנכעס דער מוּליער איִז געקוּמען.

זעמבערלער ייִדן האַלטן פֿוּן זיִך אַ וועלט... איִנם נאָענטן שטעטעלע ווערבע, וואָס שלאָפֿט צען וויאָרסט וויַיט היִנטער זעמבערלע, זאָגט מען: איִן זעמבערלע טאָגט שוין; אַפּיִלע איִן ווערייקע זאָגט מען: איִן זעמבערלע טאָגט שוין. זעמבערלע איִז אויך שטאַרק פֿאַרבוּנדן מיִט ווערייקע; איִן אַמאָליִקע צײַטן איִז געווען אַ ווערטל: אַז מע סמאַלעט איִן זעמבערלע די מאָרדעס, רויכערן זיִך איִן ווערייקע די טאָרבעס, הײַנט, אַז די סאָוועטסקע וולאַסט האָט אַוועקגעשטעלט איִן ווערייקע אַ גרויסן מאַכאָרקע-זאַוואָד האָבן זעמבערלער לײַט אַ נײַ ווערטל צוּגעטראַכט.

„אַז איִן זעמבערלע וואַקסט
דער טיִטוּן אַף צוּריִק,
וויינט מען איִן ווערייקע
אַף דער פֿאַבריִק...‟

זעמבערלע איִז פֿאַרבוּנדן ניִט נאָר מיִט ווערייקע, אַ שטאַרק-שלאַפֿן פֿיִרט מען איִן קראַך אַרײַן, איִן באָבריִק, נאָר זעלטן מאַכט זיִך, אַז פֿוּן באָבריִק זאָל מען אַראָפּקוּמען קײַן זעמבערלע, דעריִבער האָט טאַקע גאַנץ זעמבערלע געראַשט, ווען פּיִנכעס דער מוּליער איִז אַף עטלעכע כאַדאָשים אַראָפּגעקוּמען אַהיים. איִן שטאָב האָט מען שוין געווּסט, אַז ער איִז איִן באָבריִק געוואָרן גאָר אַ פּאַרטיינער איִבער די פּאַרטיינע... אַ גרויסער לײַט. אינדערעמעסן האָט פּיִנכעס טאַקע אוּפֿגערודערט גאַנץ זעמבערלע. ער איִז געקוּמען און זיִך גלײַך אַ נעם געטאָן צום פּרעדסעדאַטעל:

— ווי איז די זיבנהונדערט רובל פֿון דער זעלבסטבאַשטײַערונג אַף מאַכן אַ נײַעם ברונעם.

דער פּרעדסעדאַטעל האָט כאָליִלע דאָס געלט ניט פֿאַרטאַכלעוועט, נאָר זיי זײַנען גלאַט געגאַנגען פֿון האַנט צו האַנט... אַציִנדער, אַז דער פּרעדסעדאַטעל האָט דערזען נעבן זיך פּיִנכעסעס ערד-קאָליִרענעם פּאָניִם, און פּיִנכעס האָט געקוקט אַף איִם מיִט זײַנע צוויי גרויע לאַכנדיִקע אויגן—אַציִנדער איז דאָס געלט געוואָרן איִן איין מיִנוט און מע האָט זיך געשטעלט גראָבן דעם ברונעם... דערנאָך האָט ער צונויפֿגענומען די עטלעכע און צוואַנציִק זעמבערלער שוסטער און זיי געזאָגט:

— די שנײַדער האָבן שוין אַן אַרטעל, וואָס זײַנען מיר ערגער פֿון די שנײַדער? שטעטל האָט איִם אָנגעקוקט:

— פּיִנטשע! ווער וואָלט זיך עס געריִכט אַף איִם?

נאָר ניִט דאָס אַליין האָט איִצט אָנגעמאַכט די צערודערונג איִן זעמבערלע. ס׳איִז געווען גאָר אַ נײַער נײַס...

פּיִנכעס האָט דערזען מאָדלען איִן אויספּיִרקאָם, איִז ער צוגעגאַנגען צו איִם און לאַנג געקוקט אַף איִם. מאָדל איִז געווען פֿאַרנומען איִן בוך און אַז ער האָט אופֿגעהויבן די אויגן און דערזען פּיִנכעסן, איז ער געוואָרן בלייך ווי די וואַנט... ער האָט עפּעס אָנגעהויבן מאַכן מיִט די ליִפּן, ער איִז צוגעגאַנגען צו פּיִנכעסן:

— האַ, כאַווער גריִנשפּאָן פֿון באָבריִק, זיִצט, ביִטע!

פּיִנכעס האָט איִם ניִט געענטפֿערט, ער האָט ניִט אראָפּגענומען פֿון איִם זײַן בליִק און מאָדל האָט זיך געזעצט און איִז אופֿגעשטאַנען, ער האָט אויסגעטאָן די פּענסנע און אָנגעטאָן זיי ביִז פּיִנכעס האָט זיך אָפּגעקערט און איִז שנעל אַרויס פֿון אויספּיִרקאָם... מאָדל איִז גלײַך אַרויסגעלאָפֿן נאָך איִם און איִן שטאָב, באַם שערער אַפֿן גאַניִק האָט מען שוין געזען, ווי דער דיִניִנקער בוכהאַלטער לויפֿט נאָך דעם פֿעסטן ערדענעם פּינכעסן, ער פֿאַרלויפֿט איִם אַפּריִער דעם וועג און דערוויײַזט איִם עפּעס מיִט די הענט; פּיִנכעס פֿאַרקערעוועט זיִך פּלוצלונג איִן געסל און מאָדל בלײַבט שטיין איינער אַליין אַפֿן מיִטן מאַרק. כאַיע-גיִטל די כאָמכע טוט אַ זאָג צו מאַירעמען:

— זעט נאָר, ווי אַן אָפּגעשלאָגענע הוישאַינע!

מאַירעם האַלט זי אונטער:

— ווי אַן אַרויסגעטריִבענער יאָוון!

## אַ קויש מיִט נײַס.

זעמבערלע איִז צעטראָגן! דער שטאָב איִז שוין אַראָפּ פֿונם שערערס גאַנעק און פֿאַרנומען זײַן אָרט אינמיִטן דעם ברייטן מאַרק... מע האָט זיך געטומלט, מע האָט גערעט מע האָט אויסגעטײַטשט:

— אַ מיידל, אַז זי דרייט זיך טאָג און נאַכט אַרום מיִט באָכעריִם, וועט דערפֿון קײַן גוטס ניִט אַרויסקומען:

— און ווי אַזוי דערלאָזט עס סראָליע דערצו?

— ניט קײַן טאַטע נאָר אַ פּיִפּאלעק!

— ווען ל־פּשע אַוועשאָלעם לעבט, וואָלט דערצו ניִט געקומען...

דעריִקער האָט מען זיך אַפּאָניִם געטומלט צוליִב מאָדלען: מיִט לײמע דעם קאָלעקטיִווטשטשיִק איִז פֿאַראיאָרן געווען אַן אויסעק, הײַנטיקס יאָר זעט זי איִם אַפֿיִלע איִן די אויגן ניִט, איִז דאָך דאָס נאָר פֿון מאָדלען... און מיִט מאָדלען איִז גלאַט ניִט קלאָר: ער שמאַיעט אַרום אַן אופֿגעטראָגענער, ער איִז שוין עטלעכע מאָל געלאָפֿן צו פּיִנכעסן אַהיים

און זעמבערלע ווייסט נאָך אַלץ ניט וואָס דאָס באַטײַט. דערווײַל דערטראָגן זיך צו בלומען אַליין די קלאַנגען און זי ווערט פֿאַרוווּנדערט און זי ווערט דערשראָקן...

זי האָט טאַקע אײַנגעזען עפּעס באַ זיך — — —

פֿאַרנאַכט קומט צו איר צוגיין איטקע, זי איז געווען אַ פּאָר וואָכן שלאָף, איטקע, און די בלאַסקײַט גייט איר צו איר כיינעוודיק-יינגלשן פּנים... זי האָט וועגן בלומען עפּעס איבערגעהערט איז זי אַרײַנגעפֿלויגן זען וואָס מאַכט זי.

בלומע זאָגט איר:

כ'וועל דיר זאָגן דעם עמעס, איטקע, אַז כ'הויב ניט אָן צו וויסן, וואָס דאָ טוט זיך מיט מיר... איך בין דאָך זיכער, אַז צווישן מיר מיט מאָדלען איז גאָרנישט ניט געווען.

איטקע איז שטאַרק ערנסט, זי וויל פֿון בלומען ניט פֿאַרטרײַבן די שרעק. זאָגט זי איר:

— דו ווייסט גאָרניט בלומע, וואָס פֿאַראַ צאָרעס דיר שטייען פֿאָר...

בלומע קוקט זי אָן מיט ברייט-צעעפֿנטע אויגן און איטקע רעט אַלץ ערנסט:

— באַ דײַן טאַטן מיט אײַער שטוב האָסטו אַף זיך ניט קײַן שלעכט פּעקל...

און מאָדל באַווײַזט זיך טאַקע ניט די גאַנצע צײַט. בלומע האָט אים איינמאָל באַגעגנט אין גאַס, האָט ער זיך געמאַכט, ווי ער זעט זי ניט. איין גליק נאָר, וואָס ראַכמילי היט זי אָפּ, בלומען, ער העלפֿט איר וויפֿל ער קען נאָר, און אַרבעט איז שוין איצט נישטאָ קײַן סאַך. די גערטנער שטייען ליידיקע, דער טיטון איז שוין לאַנג פֿאַרפּאַקעוועט און ער וואַרט אַף דעם אַגענט פֿון ווערייקע, די גאַנצע אוגערקעס האָט אָוועקגעקויפֿט די קאָאָפּעראַציע פֿאַר גאָר וואָילע מעקאָכים... אַפֿן גאָרטן איז נאָר פֿאַרבליבן אַביסעלע קאַרטאָפֿל און זעמבערלע איז נאָך דעם הייסן זומער-סעזאָן אַזוי ווי צוגעשלאָגן געוואָרן. מייקע לעווין דער לעצטער קרעמער, וואָס האָט זיך נאָך ביז איצט געהאַלטן מיט זײַן גרויסער קלייט אַנטקעגן דעם קאָאָפּעראַטיוו—ער האָט שוין אויך געפּלאַצט. ער האָט איבערפֿאַרקויפֿט זײַן סכוירע דעם קאָאָפּעראַטיוו און אַליין האָט ער זיך פֿאַרשריבן אַף ערד. אין זעמבערלע קומען צו ליידיק-גייער. מייער-מוישע קוועלט אָן, וואָס דער שטאָב וואַקסט, און דער שטאָב האָט טאַקע אַרבעט, אַז נאָר קײַן אײַנהאָרע נישט—פּלוצים אין אַ העלן מיטוואָך איז מאָדל ניט געוואָרן... אַנטלאָפֿן און ניט געלאָזט נאָך זיך קײַן שיור...

— פֿאַרכאַפּט געלט?

— ניין, קײַן געלט נישט פֿאַרכאַפּט!

— איז וואָס זשע האָט ער געהאַט צו לויפֿן?

— גיי פֿרעג אים!

אַז איטקע איז געקומען צו בלומען מיט דער נײַס וועגן מאָדלס אַנטלויפֿן איז שוין באַ בלומען געווען נאָך אַלעמען... זי האָט שוין געוווּסט, אַז איר שרעק איז געווען אַן אומזיסטע, און זי האָט אַפֿילע וועגן מאָדלען ניט איבערגעפֿרעגט: איר איז נאָר אַ ראַכמאָנעס געווען אַף אים און דער שטאָב האָט טריומפֿירט:

— אַ קויש מיט נײַס פֿאַר עטלעכע וואָכן.

— פעלטע די ווירזשעניע אין אַוועקגעלאָפֿן אין ווערייקע אָפּטרײַבן אַ קינד.

— פעלטע איז געקומען צוריק מיט גאָרנישט; מע טאָר איר ניט אָפּעריִרן צוליב איר שוואַך האַרץ...

— פעלטעס טאַטע, יאָסל דער בירער. האָט דעם בירשענק איבערגעלאָזט אַפֿן ווײַב און אַליין האָט ער זיך אַוועקגעיאָגט אופֿזוכן מאָדלען...

— יאָסל האָט אויפֿגעזוכט מאָרלען אין אַ קליין דערפֿל, ווו ער האָט שוין געבוכהאַלטערעוועט...

און די לעצטע בעסטע נײַס:

— יאָסל ברענגט אַראָפּ מאָרלען צוריק קיין זעמבערלע.

אין שטאַב האָט מען זיך ניט געקאָנט אָפּוואונדעון:

— וואָס זאָגסטו אַף יאָסלען, האַ?

מאָדל איז שוין איצט פֿאַרפֿאָרן מיט יאָסלען גלײַך צו אים אין בירשענק אַרײַן... אין שטאַב האָט מען אָנגעקוואָלן, ווי אַזוי מאָדל עפֿנט עס די פֿלעשער ביר פֿאַר די קויינים, ווי אַזוי ער שטייט עס מיטן פֿאַרטעך.

— ער וואָלט שוין געמעגט אַראָפּוואַרפֿן די פענסנע, -- האָט מאַירים די שאַדכנטע געזאָגט.

ניסיע דער קאָאָפּעראַטאָר האָט דערפֿון קײַן צאָרעס ניט געהאָט:

— אַז יאָסל וועט וועלן וועט ער נאָך אַראָפּוואַרפֿן די פענסנע אויך!

— קײַן סוינע בין איך איר דאָך ניט! נאָר בלומען אַרט שוין איצט נאָרניט. באַ איר אין שטוב איז אויך אַסאַך נײַעס. דער טאַטע שאַדכנט זיך צו אַ ווערייקער יידענע, זי אַליין איז אַוועק צו ליימען אין קאָלעקטיוו, זי וויל נאָר, אַז ראַכמיליען זאָל מען אויך צונעמען אין קאָלעקטיוו, אַרבעטן קאָן ער דאָך...

## נאָכאַמאָל אַ גאַסט.

ס'איז שוין טיפֿער האַרבסט: זעמבערלע טוליעט זיך מיט אירע קליינע הײַזקעס צו דער פֿײַכטער ערד, ס'שמײַסן בייזע ווינטן און רעגנס פֿאַרשמירן זיך אַף וואָכן... דער שטאַב איז שוין ווידער אַריבער צו מייער-מוישען אין שטוב אַרײַן... בלומע מיט ראַכמיליען האָבן זיך אַריבערגעקליבן אין קאָלעקטיוו, פינכעס דער מוליער איז שוין צוריק אַוועקגעפֿאָרן קײַן באָבריק לערנען, און זעמבערלע איז אַף אַ שטיקל צײַט צוגעשטילט געוואָרן... איז אָט איינמאָל אין אַ טאָג אַזאַ האָט אַלטער דער ניכטערער ווידער צוגעפֿירט אַ נײַעם פֿאַרשוין אַ יונגע פֿרוי אין אַ ווינטערדיקן פלאַשטש... ער האָט זי אַרײַנגעפֿירט גלײַך אין מאַרק אַרײַן און אַ ווײַז געטאָן איר מיט דער בײַטש צום שענק צו. די פאַסאַזשירקע איז אַראָפּגעשפּרונגען פֿון וואָגן, דער פלאשטש איז געווען ברייט אַף איר און ס'האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער פלאַשטש איז בעקיוון ברייט און האַמעטנע, קעדיי צו אויסוואַרעמען בעסער אין זיך דידאָזיקע סהראַבנע שיינע פֿרוי... דער פּאָנים האָט באַ איר אויסגעקוקט, ווי ער וואָלט געווען אָקאָרשט פֿון וואַשן, זי איז פֿלינק צוגעקומען צו דער בירשענק, און איז אַרײַן אינעווייניק.

אין שענק איז געווען אויסער מאָדלען אויך יאָסל דער בירער, די פֿרוי איז אַרײַן, זי האָט קיינעם גאָרנישט ניט געזאָגט, זי האָט נאָר אַ וואָרף אַראָפּ געטאָן פֿון זיך דעם פלאַשטש, איז געבליבן שטיין אַנטקעגן מאָדלען אַ שוואַנגערע, אין די הויכע כאַדאָשים. זי איז צו אים צוגעגאַנגען און אַראָפּגעלאָזט אים אַ פֿלאַמיקן פאַטש...

— אָט האָסטו דיר, מאַן מײַנער!

ס'האָט לאַנג נישט געדויערט, איז אַראָפּגעקומען פֿון באָבריק דער יידישער געריכט אַף מישפּעטן מאָרלען... זעמבערלע האָט זיך היפּשלעך געגרייט צום געריכט... מיטן געריכט איז אויך ספּעציעל אַראָפּגעקומען פינכעס דער מוליער... דער מישפּעט האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען אין אַ וואָכעדיקן טאָג, האָט זיך גאַנץ זעמבערלע אָנגעטאָן אין שאַבעסדיקע קאַפּאָטעס, און מע האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין דער יידישער שקאָלע...

מ. ליפשיץ.

# צוגאַסט.

I

ניט דערמאָנונג פירט מיך, פירט מיך און פאַרפירט—
אַ שטומער ווינט אין ווייען ווינט הינטער מײַן טיר.

אַ וויכער לעבן פענצטער לאַכט און קלאָגט, און קניט.
און פון ווײַסן הימל פאַלט אַראָפ דער צוויט.

איך גיי אין גאַס אַרויס, איך גיי אין שטוב אַרײַן.
— פאַרוואָס ביסטו מײַן זון, אַזאַ פאַרקלערטער הײַנט.

צי דיר טוט וואָס באַנג, צי דיר טוט וואָס וויי,
אין אַזאַ געוויטער איז דאָסראָוו אַזוי.

— ניין, מיר טוט ניט באַנג, ניין, מיר טוט ניט וויי,
ס׳פאַלט פון ווײַסן הימל אַזאַ ווײַסער שניי.

און דײַן קאָפ ווערט ווײַס און דײַן קאָפ ווערט גרוי,
און דער ווינט בלאָזט ווילד. ניין, מיר טוט ניט וויי.

קוקט די מאַמע, קוקט,—ס׳איז מײַן קינד לעם מיר.
אַ שטומער ווינט אין ווייען ווינט הינטער מיין טיר.

II

ס׳דערציילט מײַן מאַמע מיר אַפולע שיינע מאַיסעס,
ניט קײַן אויסגעטראַכטע נאָר פון טיפן וואָר.
אָ איר קלאָרער קאָפ, וואָס הויבט זיך אָן צו ווײַסן,
זאָל ער לויכטן מיר ביז הונדערט צוואַנציק יאָר.

ווי ליב עס זײַנען וווּנדערלעכע מאַיסעס,
ווי ליב ס׳איז מיר מײַן פאַרביק בלויער וואָר,
איז ליב און טײַער מיר מײַן מאַמעס בליק,
מײַן מאַמעס קאָפ מיט גרויענדיקע האָר.

שאַכנע עפשטיין.

# דער אַלטער זאַכאַרין.

(פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע).

אונדזער יוגנט אַ מאַטאָנע.

1

באַגעגנט האָב איך זיך מיט אים אין וואָלאָגדער אַרעסטאַנטסקע ראָטעס.

ווען מע האָט געבראַכט צופֿירן אונדזער פּאַרטיע אהין, איז שוין געווען שפּעט באַנאַכט. אין די קאַמערן איז מען נאָך אָבער ניט געשלאָפֿן. ס'האָבן זיך פֿון דאָרטן געטראָגן, ווי אַ בינען-גערויש, אַ געמורמל פֿון פֿאַרשיידענע שטימען און אָפּגעריסענע טענער פֿון „מאַרסעליעזע"; זיי האָבן אָנגעפֿילט דעם הויכן, פֿײַכטן און האַלבפֿינצטערן קאָרידאָר מיט אַ ציטערדיקן אָפּקלאַנג און געוועקט אין אונדזערע הערצער אַ בענקשאַפֿט, אַ פֿרייד.

דאָס האָבן די כאַווירים באַגריסט אונדזער קומען.

פֿון די טיר-פֿענצטערלעך האָבן אַף אונדז אַרויסגעקוקט נײַגעריקע אויגן, און גאַנץ אָפֿט פֿלעגן דורכפֿליען פֿראַגן: „פֿון וואַנען, כאַווירים, ווּהין?" די אויפֿזעער זײַנען אַרויסגעלאָפֿן הין און הער, געשריען, מע זאָל אויפֿהערן צו זינגען, אַוועקגיין פֿון די פֿענצטערלעך; זיי האָבן געדראָט מיט די פֿויסטן, זיך געזידלט. דאָס אַלץ האָט אָבער ניט געהאָלפֿן. די טענער פֿון „מאַרסעליעזע" זײַנען געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער; זיי האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן אין אַ מעכטיקן כאָר, און די נײַגעריקע אויגן האָבן ניט אויפֿגעהערט צו קוקן. ס'האָבן זיך דערהערט אויך פֿרויען-שטימען; איבערהויפּט האָט זיך אויסגעצייכנט צווישן זיי אַ יונגע שטים; זי האָט אַזוי ווייך, מוטערלעך געקלונגען, אַז באַ אונדז אַלעמען האָט זיך פֿאַנאַנדערגעשפּילט אַ טרויעריקער שמייכל אַף די ליפּן.

— גוט זינגט דאָס מיידל! —האָט אויסגעדריקט הויך זײַן היספּאַילעס אַ קאָנוואָינער סאָלדאַט.

דער געהילף פֿון נאַטשאַלניק, מיט אַ זאַט אָפּגעגאָסן פּאָנים און פֿאַרשלאָפֿענע אויגן, איז געשטאַנען אָן אַ זײַט פֿון די טרעפּ, באַ אַ טישל, באַלויכטן פֿון אַ קליין לעמפּל, און אונדז אויסגערופֿן איינעם נאָכן צווייטן. דאָס זינגען, קאָנטיק, איז אים אויך געפֿעלן געווען: אים האָט דאָס אָבער ניט געפּאַסט אַרויסצווײַזן; אַלע ווײַלע פֿלעגט ער זיך אָפּרײַסן פֿון זײַן אַרבעט און זיך ביגנייווע צוהערן; ער האָט אַפֿילע געגעבן פֿאַראָרדענונגען, מע זאָל אײַנשטילן די קאַמערן, נאָר אָן זײַן מינע האָט מען געזען, אַז ער מיינט דאָס ניט ערנסט. נאָך „כ'פֿאָלג" באַ יעדער פֿאַראָרדענונג פֿלעגט דער עלטסטער אויפֿזעער מיט זײַן הייזעריקן נערוועזן קאָל אָנהויבן שטאַרק זידלען זײַנע מיטהעלפֿער, פֿאַרוואָס זיי נעמען ניט אָן קײַן מיטלען קעגן זינגען. דערמיט פֿלעגט זיך אָבער ענדיקן.

אָט איז געוואָרן שטילער, שטילער. ס'האָט זיך אַרויסגעריסן דאָס לעצטע „פֿאָרויס!" און ווי ניט אַ פֿאַרענדיקטס איז עס געבליבן הענגען אין דער לופֿט.

פֿון אַלץ, סאַי פֿון דער באַנעמונג פֿון נאַטשאַלניק, סאַי פֿון די אויפֿזעער מיט זייער קלוימערשטן קוראַזש, איז געווען צו מערקן, אַז דער רעזשים איז דאָ אַ לײַכטער. נאָך זעקס וואָכן אין עטאַפּ וועט מען דאָ מער אָדער ווייניקער קאָנען אויסגלײַכן די אויסגע-

מוטשעטע בײנער, ברענגען זיך אַביסל אין „אָרדענונג״. און אויסרוען האָט זיך שוין אַזוי געוואָלט. נאָך אַ גאַנצן טאָג ניט עסן, גײן צען וויאָרסט צופֿוס, בײַ פֿערציק גראַד פֿראָסט, מיט די פעקלעך אַף די פלײצעס, האָט זיך געפֿילט אַ שרעקלעכע צעבראָכנקײַט אין אַלע גלידער. אין האַרץ האָט גענאָגט, דער קאָפּ האָט זיך געדרײט, די ליפּן האָבן געשמאַכט, און די פֿיס האָבן קוים געדינט. נאָר דאָס באַוווסטזײַן, אַז באַלד װעלן מיר זײַן אין אַ וואַרעמער קאַמער, האָבן אַן אײגענעם געלעגער, דערצו נאָך עפּשער אַביסל געקאָכט וואַסער, האָט אונדז אופֿגעהאַלטן בײַ די קויכעס.

ער איז געשטאַנען נעבן טיר. זײַן פּאַטריאַרכאַליש געזיכט, מיט דער לאַנגער שנײ־ווײַסער באָרד און מיט די גוטע לעבעדיקע אויגן, האָט צוגעצויגן מײַן אופֿמערקזאַמקײַט. איך האָב פֿאַרפֿירט מיט אים אַ שמועס.

— פֿאַרוואָס זײַט איר, זײדעניו, אַרויסגעשיקט?—האָב איך אים געפֿרעגט. ער האָט מיך גוטמוטיק אָנגעקוקט און געענטפֿערט:

— נו, באַקאַנט פֿאַרוואָס, פֿאַר דער פֿאָלקס־זאַך!

אָט די ווערטער זײַנען אַרײַסגעזאָגט געוואָרן אזוי בענימעסדיק, אַז ניט גלויבן איז געוועזן אוממעגלעך.

— אין וועלכער גובערניע?

— איך גײ פֿון אַרכאַנגעלסקער אַהײם!

— ווי, באַפֿרײַט אין מיטן עטאַפּ?

— נײן, כאַווער, ניט באַפֿרײַט—האָט ער געשמײכלט—מע האָט מיר געעפֿנט אַ נײַע „דיעלע״, און איצט דאַרף זײַן דער מישפּעט.

— אַהאַ!

דער נאַטשאַלניק האָט אויסגערופֿן מײַן נאָמען, און איך האָב געמוזט איבעררײַסן דעם שמועס.

די אופֿזעער האָבן גענומען באַזוכן מײַנע זאַכן און מיך פּערזענלעך.

— סערגײ זאַכאַרין!—האָט אויסגערופֿן דער נאַטשאַלניק.

— איך!—האָט זיך דערהערט דעם אַלטנס שטאָלצע שטים.

— נאָכן פֿאָטער?

— מאַטוועיִטש!

— פֿון וואַנען?

— פֿון מעזען, ארכאַנגעלסקער!

— ווהין?

— אין וואָלינער.

— ווי אַלט?

— פֿינף און זעכציק.

— שטאַנד?

— פויערשער!

דער נאַטשאַלניק האָט אים אופֿמערקזאַם אָנגעקוקט און איראָניש צוגעגעבן: „אויכעט אַ רעוואָלוציאָנער?״

זאַכאַרין האָט ניט געענטפֿערט; אַ פֿאַראַכטונג האָט אויסגעקרימט די ווינקלען פֿון זײַנע ליפּן.

— באַזוכן!—האָט געגעבן אַ באַפֿעל דער נאַטשאַלניק.

דער אופֿזעער, אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט מיט אַ פֿאַרשיקערטן פּאָנים און אַ מעדאַל אַף דער ברוסט, איז צו אים צוגעגאַנגען:

— דײַנע זאַכן?

— כ׳האָב נִיט קײַן זאַכן!

דער אוּפזעער האָט אִים גראָב באַזוכט און עטלעכע מאָל אִיבערגעכאַזוערט:

— אַן אלטער, קוים וואָס זשִיפּעט און בוּנטעוועט אויכעט!

דִי זעלבע שטוּמע פאַראכטוּנג אִיז געווען דער ענטפער.

2

אִיך און זאַכאַרִין זײַנען ארײַנגעפאַלן אִין אַ ווִינקלדִיקער קאַמער. ווען נִיט דִי אײַזערנע גראַטעס אף דִי פענצטער, דִי פאַרשיידענע אוּפשרִיפטן אַף דִי ווענט און דער שרעקלעכער גערוּך פון דער „פאַראַשע״ באם אויוון, האָט מען געקאָנט מיינען, אז מִיר געפִינען זִיך אִין אַן אַלטמאָדִישער קרעטשמע ערגעץ-ווו אַף אַ פאַרוואָרפענעם טראַקט. אַ לאַנגער צעקראַצטער טִיש, מִיט לאַנגע בענק אַרום, אִיז געשטאַנען אִינמִיטן, בײַ אים אִיז געזעסן יונגוואַרג און געשפִילט—ווער אִין גאָרטן, געמאכט פון פאַקפאַפִיר, און ווער אִין „דאַמקעס״, אויסגעקנאָטן פון ברויט. דִי אלטוואַרג אִיז געלעגן אַף דִי ליַיוונטענע הענג-בעטלעך און זִיך פרײַנטלעך אונטערגעהאלטן. דאָס לעמפל האָט געצאנקט, און אִין דער לוּפט אִיז געשטאַנען אַ געדִיכטער רויך פון שלעכטן טִיטוּן...

נאָך דִי געוויינטלעכע באַגרִיסוּנגען האָט דער עלטסטער פון קאמער—אַ הויכער פויער פון מִיטעלע יאָרן מִיט אַ פלִיך אַפן קאָפּ—באַשטִימט אונדז צוויי בעטלעך אִין אַ ווִינקל. מִיר האָבן זִיך אַף גִיך אויסגעטאָן און אַוועקגעלייגט. אייניִקע כאַווייריִם האָבן גענומען וואַרעמען פאַר אונדז וואַסער אַפן לעמפל.

דִי געהיימנִיספוּלע פִינסטערנִיש מִיט דִי באַוועגלעכע שאָטנס אַרום קליינעם פײַער האָבן אָנגעוואָרפן אַף אַלעמען אַ מאָרעשכוירע. דער שפִיל פון דער יונגוואַרג און דער געשפרעך פון דער אַלטוואַרג האָבן אוּפגעהערט. ס׳אִיז אַנטשטאַנען אַ טִיפע שטִילקײַט. ס׳האָט זִיך געדאַכט, אַז עמִיצער זִיצט אַף דִיר מיט זײַן שווערן קערפער און פרעסט, פרעסט אָן אוּפהער...

פאַר דִי אויגן איז אויסגעוואַקסן דִי אומבאַקאַנטע צוּקוּנפט מִיט אִירע גרויזאַמע בִילדער פון איינזאַמקײַט און יִיוּש; זִי האָט זִיך אָנגערוּקט, ווִי אַ כמאַרע, און אַרויסגעשײַנט פון יעדערנס באַוועגוּנג, פון יעדערנס בלִיק... יאָ, זִי, זִי!—האָבן גערעט דִי פאַרטראַכטע פענִימער, דִי אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, און שוידערלעך אִיז געוואָרן, אַ קעלט אִיז דורכגעלאָפן אִיבער אַלע גלִידער... דאָסזעלבע, ווײַזט אויס, האָט אויך געפִילט זאַכאַרִין. ער האָט זִיך עטלעכע מאָל אוּפגעהויבן פון זײַן געלעגער און פון זײַנע אויגן האָט אַרויסגעשײַנט אַ טִיפטִיפער אומעט. ווענלנדִיק אָבער פאַרטרײַבן דִי שוואַרצע געדאַנקען, האָט ער פעסט אַרויסגערעט:

— עט, נאַרִישקײַטן!

דאָס וואַסער אִיז פאַרטִיק געוואָרן. מִיר האָבן דערפאַרן, אַז דער רעזשים אִיז דאָ טאַקע אַ ליַיכטער—בִּישטִיקע קאָן מען אַפִילע קרִיגן אַ צײַטוּנג צו לייענען. דאָס, צוזאַמען מִיט דער לִיבלעכער באַציִוּנג פון דִי כאַווייריִם, וואָס האָבן אונדז אויך באַזאָרגט מִיט וועטשערע, האָט באַשאַפן אַ היימלעכע שטִימוּנג. ס׳האָט זִיך געפִילט, ווִי מִיר זײַנען צווִישן אַלטע גוּטע פרײַנט, וואָס מִיר האָבן שוין יאָרנלאַנג נִיט געזען און אִיצט צוּפעלִיקערווײַז געטראָפן.

זאַכאַרִין האָט אָנגעהויבן אויספרעגן בײַ יעדן באַזונדער, פונוואַנען ער אִיז, פאַר וואָס אַרויסגעשִיקט און וווּהִין. ווען ער האָט זִיך דערוווּסט, אַז אַלע אָנוועזנדִיקע זײַנען פּאָלִיטִישע, און דִי מערסטע פון זיי פויעריִם, אַרויסגעשִיקטע פאַר אַגראַר-אומרוען, אִיז ער זייער לעבעדִיק געוואָרן. אִין זײַנע אויגן האָט זִיך אָנגעצונדן אַ פײַער און ער האָט אַרויסגעזאָגט מִיט אַ קלאָרער אִיבערצײַגנדִיקער שטים:

— יאָ, אונדזער זאַך איז אַ גערעכטע!
די רײ איז דערגאַנגען צו מיר:
— און פונוואַנען זײַט איר?
כ'האָב אים געענטפערט.
— אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט, אַ סאָציאַליסט-רעוואָלוציאָנער?
— אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט.
— אַ ייִד?
— יאָ!

אַרום אונדז האָט זיך פאַרזאַמלט די גאַנצע קאַמער; אַפילע די אַלטוואַרג איז אַראָפּגעקראָכן פון די גלעגערס.

יעדער, קאָנטיק, האָט געדורשט נאָך אַ נײַ וואָרט פון אַ נײַעם מענטשן. ניט אַזוי נאָך אַ נײַ וואָרט, ווי נאָך אַ נײַעם צוהערער. ס'האָט זיך געוואָלט אויסדערציילן דאָס גאַנצע ביטער האַרץ, עפשער וועט עס לײַכטער מאַכן די אינערלעכע ליידן און פּײַן, אויסדערציילן און דערנאָך ווידער זיך פאַרשליסן אַף וואָכן, אַף כאַדאָשים לאַנג, פילײַכט גאָר אַף אײביק.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ לעבהאַפטער שמועס. ס'זײַנען אויסגעוואַקסן פאַרשידענע לעבנס-שטריכן, געשעענישן, דורכגעדרונגען מיט טיפן עלנט, גרויזאַמער נויט און אומענדלעכער אַנגסט; זײ האָבן זיך אויסגעמישט מיט ווונדערלעכע דערציילונגען וועגן דעם פרײַהײַט-קאַמף אין דאָרף, מיט צויבערלעכע מאַיסעלעך וועגן אומבאַמערקבאַרע העלדן, מיט נאַיווע פאַרשטעלונגען וועגן דער נײַער וועלט פון שניי און פראָסט. ס'האָט זיך באַקומען עפּעס גרויסעס, איבעראַשנדיקס, אַקוראַט ווי אַ יאַם וואָלט דערשינען. אָט גלעט ער, לאַשטשעט, דער יאַם, מיט זײַן רויִקן און טרוימערישן וואַסער-גאַנג און אָט ברויזט ער, שוימט מיט זײַנע כוואַליעס פון האַס און צאָרן...

דער מיטל-פונקט פון שמועס איז געווען זאַכארין, האָט זיך פון ווען ס'איז האַרץ אַרויסגעריסן אַ זיפץ, האָט ער באַמערקט:

— מיט זיפצן מאַכט מען גאָרניט!

האָט זיך אין אַן אויג אַ טרער באַוויזן, האָט ער ווי ברויגעזדיק אַרויסגערעט:

— טרערן זײַנען פאַר קינדער!

האָבן אין עמיצנס שטים געקלונגען צווייפל און אומעט, האָט ער יענעם געקלאַפּט איבער די פּלײצעס:

— ניט געזאָרגט, ברודער, אונדזערס וועט זײַן!

פון אַלע זײַטן פ'עגט זיך הערן אַ צושטימונג: „ביזט גערעכט, זיידעניו, ביזט גערעכט!"... און די פאַרדאַיגעטע פּענימער זײַנען ליכטיקער געוואָרן, אַף די ליפּן האָט זיך אַ שמייכל באַוויזן...

3

ס'האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון די פאַראָסטעטע שלעסער, און די קאַמערן האָבן זיך געעפנט. „שפּאַצירן"—האָבן אַרײַנגעשריען די אופזעער מיט די שליסלען אין די הענט, און דער קאָרידאָר האָט אופגעציטערט פון שנעלע, פיבערהאַפטע טריט.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַ די פרויען-קאַמערן. דאָרטן איז שוין געשטאַנען אַ רעדל, פון הינטער די פאַרשלאָסענע טירן האָבן זיך געטראָגן פראַגן און ענטפערס, אויסגעמישט דאָ מיט נערוועזן געלעכטער און דאָ מיט טרויעריקע טענער, אויך אַזעלכע אײַלנדיקע, פיבערהאַפטע; קליינע צעטעלעך האָבן זיך אַף גיך איבערגעגעבן הין און צוריק דורך די שלעסער-לעכלעך. אָט האָט זיך געהערט אַ פרויען-שטים: גיט איבער דעם, יענעם!—און אָט אַ מענער-שטים: גיט איבער דער, יענער!...

קאַבלוטשקאָוואַ!—האָט אַרײַנגעשריִען זאַכאַרין אין אַ טיר־פֿענסטערל, רופֿנדיק אַ פּאָליטישע פֿון זײַן גובערניע, וואָס מיט איר האָט ער זיך באַקאַנט אין עטאַפּ. זי איז צוגעגאַנגען.

— וואָס מאַכסטו, קינד מײַנס?—האָט ער פֿאָטערלעך געפֿרעגט.

— געזונט. זיידעניו,—האָט אים געענטפֿערט אַ יונגע מונטערע שטים.

— זע זשע, זײַ טאַקע געזונט!—האָט ער געדראָט מיטן פֿינגער. ער האָט געוואָלט נאָך עפּעס זאָגן, ס'האָבן זיך אָבער באַוויזן די אופֿזעער.

— האַידאַ!—האָבן די אופֿזעער שטרענג באַפֿוילן, און דער גאַנצער אוילעם איז אַוועק אַפֿן הויף.

אונטער אַ פֿאַריאָסעמטן צאָפּן־הימל איז פֿאַר אונדז געלעגן אַ גרויסער פֿיר־ראַנדיקער פּלאַץ. ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט הויכע פֿאַרוויינטע מויער־ווענט און פֿינצטערע פֿינף־שטאָקיקע געבײַדעס. די שניי־בערגלעך אומעטום און די גרויע געדיכטע בוימער אָן אַ זײַט האָבן דעם פּלאַץ צוגעגעבן דעם אויסזען פֿון אַ בייסהאַקוואָרעס...

באַ די אײַזערנע טויערן, אין הינטער־ און פֿאָדער־גרונט, זײַנען געשטאַנען וואַך־סאָלדאַטן מיט די ביקסן אַף די פּלייצעס. אײַנגעוויקלט אין גרויסע פּעלצן, האָבן זיי געטאַנצט פֿון איין פֿוס אַף דער צווייטער און געבלאָזן דערבײַ מיטן גאַנצן קויעך אין די פֿאַרפֿראָרענע הענט.

פֿון יענער זײַט וואַנט, האָבן זיך געטראָגן אַ קלאַנג פֿון קייטן און אַ האַקן פֿון האָלץ. אין די שפּאַלטן פֿון הינטערשטן מויער פֿלעגן זיך באַווײַזן ברענענדיקע אויגן און פּיצלעך אַרעסטאַנטן־היטלען; ס'פֿלעגט דורכפֿליִען אַ פֿאַרשטיקטער געשריי: אַ גוטער מאָרגן, כאַווירים,—דערנאָך אַ בייזער פֿונם וואַך־סאָלדאַט: „אַוועק“!

אַלע שפּאַצירנדיקע האָבן זיך אײַנגעטיילט אין גרופּן. אונדז, נײַע, האָט מען אַרומגערינגלט פֿון אַלע זײַטן. — זײַנען דאָ פֿאַראַן פֿון דער אָדער יענער גובערניע? — פֿלעגט עמיצער פֿרעגן און באַלד האָט געפֿאָלגט אַן ענטפֿער: „יאָ“ אָדער „ניין“... ס'האָבן אויך געהילכט קושן און דערנאָך פֿריילעכע אויסרופֿן: „אַך, דו, איר, ווי אַזוי?“

די באַגעגעניש־אופֿרעגונג איז פֿאַריבער. די יונגוואַרג האָט זיך גענומען וואַרפֿן מיט שניי. איינער, אַ יונגער סטודענט, פֿלעגט געבן אַ קאָמאַנדע און אַלע פֿלעגן אים פֿאָלגן. מאַטווייען, מאַטווייען,—האָט געקלונגען זײַן דינע שטים,—און שניי־קײַקעלעך האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן אַף אַ הויכן אינטעליגענטן יונגנמאַן, זייער אָנשטענדיק געקליידט. דער יונגערמאַן איז געלאָפֿן איבערן הויף און זיך באַשיצט מיט וואָס ער האָט געקענט פֿון זײַנע פֿאַרפֿאָלגער, דאָס האָט אים אָבער ניט געהאָלפֿן: מע האָט אים אַטאַקירט פֿון אַלע ווינקלעך. אַ כאַרפּע, אַ כאַרפּע!—האָבן איינִיקע געפּאַטשט אין די הענט. מאַטוויי האָט גוטמוטיק געשמייכלט, אײַנגאַנצן אַ ווײַסער; ער האָט זיך פֿלינק אויסגעדרייט, אָנגעכאַפּט צוויי הויפֿנס שניי און דערלאַנגט זײַנע קעגנער אין פּלייצע. יענע האָבן נאָך קיין צײַט געהאַט אַרומצוקוקן זיך, ווי נײַע צוויי הויפֿנס האָבן זיך אַף זיי אַ שאָט געטאָן: זיי זײַנען עפּעס ווי צעטומלט געוואָרן און האָבן אָנגעהויבן צו לויפֿן. מאַטוויי מיט אַ רויטן צעהיצטן געזיכט האָט זיך אַ לאַז געטאָן נאָך זיי, ווי אַ וויכער, און אָנגעהויבן זיי צו פֿאַרפֿאָלגן פֿון רעכטס און לינקס; זיי האָבן זיך געמוזט אונטערגעבן.

— בראַוואָ, בראַוואָ, מאַטוויי!—האָט געהילכט פֿון אַלע זײַטן.

— אַ פֿלינקער יונג!—האָבן זיך איבערגעוווּנקען די וואַך־סאָלדאַטן.

זאַכאַרין איז געשטאַנען אין אַ קרײַז פֿון אוקראַינער. ער האָט מיט אופֿמערקזאַמקײַט זיך צוגעקוקט צום שפּיל פֿון דער יונגוואַרג. אַף זײַנע ליפּן האָט געשוועבט אַ שמייכל. די אויגן האָבן געפֿינקלט און די גאַנצע געשטאַלט זײַנע איז געוואָרן אַזוי שלאַנק, אַקוראַט, ווי ס'וואָלט אויסגעוואַקסן אַ נײַער מענטש. ס'איז געווען צו מערקן, אַז די לעב·

האַפּטע באַוועגונג אַרום האָט אױפֿגעװעקט גאַנץ טיף אין זײַן נעשאָמע שױן אַ לאַנג אײַנגעשלאָפֿענעם קוואַל, און ער רײַסט זיך, דער קוואַל, איצטער אַף דער פֿרײַ.

— עי. ברידער, אין מילכאָמע!—האָט זיך פּלוצלונג דערהערט זאַכאַריִנס שטים. און זי האָט געקלונגען אַזוי יונג, אַזוי רײצנדיק, אַז אַלע האָבן זיך אומגעקערט אין זײַן זײַט.

— אײַנשטימיק, זײדע, אײַנשטימיק!—האָבן אים געענטפֿערט אַ צענדליק שטימען.

— דו, זײדע, װעסט זײַן אונדזער קאָמאַנדיר!—האָט עמיצער פֿאָרגעלײגט.

— זאָל זײַן אַזוי!—האָט אײַנגעװיליקט זאַכאַריִן און האָט אַ קאָמאַנדע געטאָן:

— אַלע אין רײ!

מיר האָבן אים געפֿאָלגט.

— האָבן מיר גוטע פֿערד?—האָט ער געפֿרעגט.

— אָ, יאָ, אײַער עקסעלענץ!—האָט אים געענטפֿערט אַ הויכער יונגער אַרבעטער אין אַ קורץ פעלצל און לאַנגע שטיװל, סאַלוטירנדיק דערבײַ װי אַ סאָלדאַט.

— לאָמיר זײ אַ קוק טאָן!—האָט זאַכאַריִן געזאָגט.

דער אַרבעטער איז אַרויס פֿאָרויס און נאָך אים זײַנען אַרויס נאָך דרײַ יונגע לײַט. דער אַרבעטער האָט זיך אויסגעגלײַכט װי א סטרונע. די איבעריקע האָבן זיך אײַנגעשפּאַנט אײנער דעם צװײטן מיט די קעפּ אָן די רוקנס און מיט די פֿיס אָן דער ערד און אַלע צוזאַמען אָן דעם רוקן פֿון דעם אַרבעטער. ס׳האָט זיך באַקומען אַ פֿערד.

— גוט, און קעמלען האָבן מיר?—האָט װײַטער געפֿרעגט זאַכאַריִן.

— יאָ!—האָבן אים געענטפֿערט עטלעכע שטימען מיטאַמאָל.

— אײנהאָרביקע אָדער צװײהאָרביקע?

— אײנהאָרביקע.

— לאָמיר אַ קוק טאָן!

פֿון דער רײ זײַנען אַרויס נאָך זיבן יונגעלײַט מיטן סטודענט אין דער שפּיץ. צװײ האָבן זיך פֿאַרײניקט מיט די, װאָס זײַנען געשטאַנען װי אַ פֿערד, און די איבעריקע, אָפּלויפֿנדיק אַ היפּשן שטעך, זײַנען אַרופֿגעשפּרונגען אַף די רוקנס פֿון די אונטערשטע. דער צװײטער פֿונויבן האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט, װי אַ צײכן, אַז ס׳איז שױן פֿאַרטיק, ס׳האָט זיך באַקומען אַ קעמל מיט אײן האָרב.

— בראַװאַ, בראַװאָ!—האָט װידער געהילכט פֿון אַלע זײַטן.

— האָבן מיר זשיראַפֿן?

— יאָ, אײַער עקסעלענץ!—האָט געענטפֿערט דער אינטעליגענט און איז אַרופֿגעשפּרונגען אַף די אַקסלען פֿונם אַרבעטער, װאָס האָט שױן אײַנגעהאַלטן אַ מאַסע פֿון צען מענטשן. ס׳האָט זיך באַקומען אַ זשיראַף מיט אַ לאַנגן האַלדז.

— הוראַ, הוראַ!—האָט זיך געקײַקלט אַרום.

— אויסגעצײכנט!—האָט צוגעגעבן ערנסט זאַכאַריִן.

די װאַך-סאָלדאַטן און אײניקע אויפֿזעער האָבן געקײַכט פֿון געלעכטער.

— אָט אַן אַלטע בעסטיע!—האָבן זײ אײניקע מאָל באַמערקט, אָנװײַזנדיק אַף זאַכאַריִנען.

— איצט, ברידער, רוט זיך אויס!—האָט באַפֿוילן זאַכאַריִן.

דער אוילעם האָט זיך פֿאַנאַנדערגעװאָרפֿן איבערן הויף, און דער הויף האָט טאַקע איצט אויסגעזען, װי אַ מילכאָמע פֿעלד, װוּ ס׳דאַרף באַלד פֿאָרקומען אַ שלאַכט. אַלע זײַנען געװען צעהיצט: די פּענימער אויפֿגערעגט, די אויגן שטראַלנדיק. אײניקע האָבן פֿון זיך אַראָפּגעװאָרפֿן די אויבערקלײדער, אײניקע די היטלען, ניט געקוקט דערויף, װאָס די קעלט איז געװען אַ שנײַדנדיקע.

זאַכאַריִן איז אויך געװען צעהיצט. ער האָט אויסגעקליבן צו זיך צװײ אַדיוטאַנטן: דעם יונגן סטודענט און דעם הויכן אַרבעטער; מיט אַ געלאַף איז ער מיט זײ אַװעק צו דער

הינטער-וואנט. דאָרטן זײַנען אין איין אויגנבליק אויסגעוואַקסן דרײַ שניי-מענטשן, צוויי קלענערע בײַ די זײַטן און איין גרויסער אינמיטן.

ס'האָט זיך דערהערט אַ באַפֿעל:—די געווער אין די הענט!
אַלע האָבן געכאַפּט גרויסע שניי-קײַקלעך.
— אין ריי צו צוויי!—האָט ווײַטער געקלונגען.
מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט.

— פֿערד, קעמלען, זשיראַפֿן,—האָט זיך געהערט זאַכאַרינס שטים,—דאַרף מען דערווײַל ניט: דער געפֿעכט וועט זײַן אַ האַנט-געפֿעכט פֿון אינפֿאַנטעריע.

— מיר פֿאָלגן, מיר פֿאָלגן!—האָט זיך געטראָגן אַן ענטפֿער.

— די דרײַ, וואָס איר זעט דאָ,—האָט זאַכאַרין דערקלערט—דאָס איז אונדזער סוינע; פֿון רעכטס—טרעפּאָוו *), פֿון לינקס—קוראָפּאַטקין **) און אין מיטן... נו איר פֿאַרשטייט דאָך... ער... ניקאָלאַשקע. דער צאַר אַליין!...

ס'איז אויסגעבראָכן אַ געלעכטער.

— עי דובינושקאַ אוכניעם!—האָט זאַכאַרין פֿריילעך אויסגעזונגען דער אוילעם האָט אים אונטערגעכאַפּט:

— עי, זעליאָנאַיאַ סאַמאַ פּאָידאָט!... און די לופֿט איז אָנגעפֿילט געוואָרן מיט אַ שטורעם שטאָלצע וועקנדיקע טענער און מיט אַ מאַבול שניי קײַקעלעך. ס'איז געקומען צולויפֿן דער נאַטשאַלניק אַ בלייכער, אַן אויפֿגערעגטער, און מע האָט אונדז פֿאַרטריבן אין די קאַמערן...

4

ס'איז געקומען די נאַכט. פּאַמעלעך האָבן זיך אַרײַנגעגאַנוועט אירע שאָטנס דורך די אײַזערנע גראַטעס, פֿריער אַזעלכע בלאַסע, נעבלהאַפֿטע, דערנאָך אַלץ טונקעלערע, טונקעלערע... ס'האָט זיך שוין געזען בלויז אַ פּיצל הימל מיט עטלעכע איינזאַמע שטערן, וואָס האָבן אַרײַנגעקוקט עפּעס אזוי מעלאַנכאָליש, עפּעס אַזוי שמערצלעך...

די שטילע בענקשאַפֿט האָט אַראָפּגעפֿלאַטערט. אין אַ ווינקל האָט זי זיך אַוועקגעשטעלט, דאַכט זיך, דאָרטן, באַם בלייכן אויוון, און געפֿלאָכטן, געפֿלאָכטן שטיל אירע נעצן... ס'האָבן זיך שוין ניט געזען קײַן מענטשן, ס'האָבן שוין ניט געקלונגען קײַן שטימען;—נאַכט-שאָטנס זײַנען געלעגן פֿאַרשפּרייט אַף די ענג-בעטלעך; אויך אַזעלכע דונקעלע, פֿינסטערע... זיי האָבן זיך ניט באַוועגט, זיי האָבן ניט גערעדט, נאָר יאָמערלעך האט אַרויסגעווײנט פֿון זייערע נעשאָמעס:

די זון גייט אוף און פֿאַרגייט
און אין טורמע איז נאָך נאַכט!

דאָס האָבן זיי געבענקט נאָך ליכט.

באַ מײַן פֿענצטער מיט די גראַטעס
אַ סאָלדאַט פֿאַריינס נאָר וואַכט.

דאָס האָבן זיי געבענקט נאָך פֿרײַהײַט...
פֿון יענער זײַט וואַנט האָבן זיך געהערט טריט.
און די נעשאָמעס האָבן אַ ציטער געטאָן פֿאַר פֿאַרצווייפֿלונג.

*) צארישער מיניסטער, בארימטער טאליען.

**) אלערהעכסטער קאָמאנדיר פֿון דער צארישער ארמיי אין דער צײַט פֿון דער רוסיש-יאפּאַנישער מילכאָמע.

װאַרפֿט װיִפֿל ס׳גלוסט אײַך.
לױפֿן בִּין איִך ניִט גרײט!

זײ האָבן אונטערגעכאַפּט נאָך:

און מיר װיִלט זיִך אַף דער פֿרײַהײַט,
רײַסן קאָן איִך ניִט די קײט...

און װיִדער איִז שטיִל געװאָרן, װי דער שלאָף װאָלט זײ פֿאַרװיִגט...

די טריִט האבן אַלץ אָפּגעהיִלכט און ס׳האָט זיִך געדאַכט, אַז זײ טראַכטן אויך, אַז פֿון זײערע נעשאָמעס װײנט אויך אַרויס...

דער פֿראָסט האט זיִך נאָך געבײזערט; אָט האט ער געקלאַפּט איִן פֿענסטער און אָט ערגעץ אַנדערש-װוּ. דער װיִנט האָט איִם אונטערגעהאַלטן. מיִט גוואַלד האָט זיִך געטראָגן זײַן הוּזשערײַ און פֿאַרביִטן די בענקשאַפֿט אַף אַ טיִפֿן טרויער. ס׳האָט זיִך באַװיִזן אַ שײַן פֿון ליִכט. אַ פֿרויען-שטיִם האט געטרײסט:

פֿרײַנט מײַנער, ברוּדער, פֿאַרשמאַכטער, לײדנדיִקער ברוּדער,
װער זאָלסט ניט זײַן, פֿאַרליִר ניִט דײַן מוּט;
זאָלן אומרעכט און סיִנע באַהערשן די ערד,
די ערד, װאָס באָדט זיִך איִן טרערן און בלוּט!

און ס׳זײַנען פֿאַרשװוּנדן די שאָטנס; ס׳האבן זיִך װיִדער באַװיִזן מענטשן, ס׳האָבן װי דער געקלוּנגען שטיִמען...

— זײדעניוּ, דערצײל עפּעס!—האָט זיִך עמיִצער געבעטן.

— גוּט, כ׳װעל אײַך דערצײלן!—האָט געענטפֿערט זאַכאַריִן, און מיִר האָבן זיִך אַװעקגעזעצט אַלע אַרום זײַן בעטל.

* * *

— אַ טרויעריקע איִז מײַן מאַיסע—האָט אָנגעהויבן זאַכאַריִן,—כ׳װעל אײַך דערצײלן, װי אַזוי איִך בִּין געװאָרן אַ רעװאָלוציאָנער!—מיר האָבן זיִך צוגערוקט נעענטער צו איִם

צװײ זיִן האָב איך געהאַט; סעמיאָן און סטעפּאַן—װאָילע באָכעריִם געװען, געלערנטע, לײענען און שרײַבן געקענט, און שטיִלע אַזעלכע, אַ פֿליִג אַף דער װאַנט ניִט אָנגערירט. איִך מיִט מײַן אַלטער אוודאטיע זײַנען שוין שװאַך געװען, ניט באַ די קויכעס, און זײ האָבן געאַרבעט פֿאַר אונדז: זומער געאַקערט, געזײט, און װיִנטער איִן שטאָט אַף פֿאַרדיִנסט געגאַנגען. ערד, עמעס, איִז װײניִק געװען—דרײַ דעסיאַטיִנעס אַף פֿיִנף נעפֿאַשעס: איִך, אַוודאסיע, סעמיאָן, סטעפּאַן, און אונדזער טאָכטע מאַריע, אויך אַ װאָילע מײדל, אַזוי װי די ברידער. ניִט געװען װאָס צו קלאָגן זיִך. צו לײַטן ניִט געדאַרפֿט אָנקומען...

סעמיאָן האָט כאַסענע געהאַט; אַן אויסגעדיִנטער געװען, גענומען אַ מײדל פֿון אונדזער דאָרף. אַ שאָכנס אַ טאָכטער, מאַריעס אַ כאַװערטע, אַ האָרעפּאַשנע מײדל, אַ באַלעבאָסטע. זי האָט געגעבן עטלעכע צענדליִק רוּבל נאַדן. מיִר האָבן גענומען איִן אַרענדע נאָך צװײ דעסיאַטיִנעס ערד. מאַריא איִז אָנגעקומען צום זעמסקן דאָקטער אונדזערן, אַ ייִד געװען, אַ גאָלדענער מענטש. זײַן װײַב אויך אַ גוּטע פֿרוי; מאַריען האָבן זײ װי אַן אײגן קיִנד געהאַלטן, זי אויסגעלערנט לײענען און שרײַבן. צו גאָט האָב איִך קײַן טאַינעס ניִט געהאַט. ערד װײניִק, אָפּצאָלוּנגען גרויסע—װאָס קאָן מען אבער טאָן? אַזוי האָבן געלעבט די זײדעס, אַזוי לעבן אַלע, און די װעלט קאן מען ניִט איִבערמאַכן—האב איִך געטראַכט. אַ נאַרעלע, קיִנדער, בִּין איִך געװען, כאָטש שוין מיִט אַ גרויען קאָפּ—האָט ער מיִט אַ שמײכל צוגעגעבן.

פֿלעגט קומען אַ יאָנטעװ און אלע קיִנדער אַרום זיִך, רײנע, אויסגעצװאָגענע, געזונטע, אַ מעכאַיע צו קוקן; איִך מיִט מײַן אוודאָסיע קװעלן פֿון נאָכעס... „נו, אַלטע, פֿלעג איִך איִר זאָגן, מיִר קאָנען שוין גײן, גוּטע יאָרשיִם אויסגעהאָדעװעט!—אוודאָטיע פֿלעגט

שמייכלען: ניטאָ, סערגיי, זיך וואָס צו איַילן; כאַסענע מאַכן סטעפּאַנען, אויסגעבן מאַריען, אייניקלעך דערלעבן!—און מיר האָבן דערלעבט: סעמיאָנס ווײַב האָט אַ קינד געבוירן, אַ ייִנגל ווי אַן עפּל, אינגאַנצן דער טאַטע. נו,—פלעגט טאַינען אַוודאָטיע—פאַראַן זיך וואָס צו איַילן, אַלטער? מיילע, אַז גאָט וויל, פלעג איך שמייכלען—אַז גאָט וויל, פאַרוואָס ניט?... אַי, דו,—פלעגט אַוודאָטיע דראָען מיטן פינגער—אינגאַנצן שוין אויוורבאָטל!

אויוורבאָטל איז אויוורבאָטל! און אַפן האַרצן איז אַזוי גוט, וואַרעם; שטאַרבן האָט זיך ניט געוואָלט: די רויִע ערד פאַרזאַמט מען ניט.

זאַכאַרינס שטים איז פינצטערער געוואָרן:

סעמיאָנען האט מען גערופן אין רעזערוו... בײַ מײַן אַוודאָטיען האָבן די אויגן ניט געטריקנט; די שנור איז ווי אַ צעמישטע אַרומגעגאַנגען. איך, אַ מאַנסביל, האָב זיך געדאַרפט האַלטן פעסט; דער „צאַר באַטיושקאַ“ וויל, מיסטאָמע דאַרף אַזוי זײַן. קאַשיעס פרעגן טאָר מען ניט, גרעסערע קעפּ האָבן באַשלאָסן מילכאָמע!... אין דער שטיל האָט אָבער דאָס האַרץ געזאָגט: אַ יונג-ווײַבל, אַן אויפעלע אַף די הענט... ס'איז געווען אַ ראַכמאָנעס צו קוקן... מיר אַלטע, נאָך אַ טאָג, נאָך אַ כוידעש... זי אָבער—אַ בלום אין בליען...

סעמיאָן האט געמוזט אַוועקגיין. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך מיט אַוודאָטיען קײַן אויג ניט צוגעמאַכט. אוודאָטיע הערט ניט אויף צו וויינען. איך טרייסט זי... פלעג איך אָבער דערהערן דאָס שרײַען פון קינד און דאָס כליפּען פון דער שנור, פלעגט זיך בײַ מיר דער לאָשן אָפּנעמען. אַ שווערער שטיין איז געלעגן אַפן האַרצן...

עס האָט ניט געהאָלפן. אַוודאָטיע האט אַראָפּגענומען איר ציילעם פון האַלדז, אָנגעטאָן סעמיאָנען: געדענק, סעמיאָניוּקע, אָן גאָט! און פון די אַלטע אויגן גיסן טײַכן טרערן...

די שנור קאָן מען ניט אָפּמינטערן, דאָס קינד שרײַט... פון אַרום טראָגט זיך אַ יאָמער פון נאָך טאַטעס, מאַמעס, ברידער און שוועסטער, ווײַבער און קינדער; זיי ריכטן אויס זייערע... איך האָב בלויז סעמיאָנען אַ קוש געגעבן אין קאָפּ אַרײַן...

דער הוסט האָט זאַכאַרינען אָנגעהויבן מוטשען און ער האָט געמוזט איבעררײַסן. אַז ער האט זיך באַרויִקט, האָט ער מיט אַ ייִוש אַרויסגערעדט: ע, זיך שוין אינגאַנצן גע-געבן!—ס'איז געווען צו מערקן, אַז אַ שווער בינטל זיכרוינעס באַהערשט אים איצט.

— סעמיאָן איז אוועק—האָט זאַכאַרין פאָרגעזעצט—סטעפּאַן איז דעמאָלט געווען אין פּעטערבורג; ער האָט דאָרטן געאַרבעט אין אַ פאַבריק, נאָר ווייניק פאַרדינט... דער וויִנטער—אַ שווערער, גרויסע פרעסט. דאָס יאָר אַ ניט געראָטנס, אַלץ קאָסט מיט גאָלד צו גלײַך. געוואָרן שווער צו אַרבעטן, מיט איין אַרבעטער ווייניקער. מײַן אַוודאָטיע איז קראַנק געוואָרן, זיך זייער גענומען צום האַרצן. פלעגט קומען אַ יאָנטעוו, איז ניט דאָס, וואָס פריער. ווו איז ערגעץ סעמיאָן, וואָס איז מיט אים? די ערשטע צײַטן פלעגן נאָך זײַן פון אים בריוו, און דערנאָך אַלץ ווייניקער, ווייניקער. די שנור גייט פאַר בענקעניש וואָס פון טאָג אונטער,—עסט ניט, טרינקט ניט, וויינט נאָר, און געליבט האָט זי סעמיאָנען, ווי דאָס גאַנצע לעבן...

זאַכאַרין איז אַ ווײַלע שטיל געוואָרן, טרערן האָבן אים אָנגעהויבן צו שטיקן.

— יאָ, צו דער צײַט איז זי געשטאָרבן, מײַן אַלטע, ניט געזעען די ווײַטערדיקע צאָרעס...

פון סעמיאָנען איז אַלץ קײַן בריוו ניטאָ... אין די דערפער איז געוואָרן ניט רויִק. דער הונגער האָט זיך באַוויזן. סטעפּאַן האָט פון פּעטערבורג קײַן געלט ניט געשיקט. ער איז אַרומגעגאַנגען אָן אַרבעט... דער דאָקטאָר האָט געשטיצט, אַ גאָלדענער מענטש געווען... כ'פלעג גיין צו אים אַלע אָפּדערנאַכט. ער פלעגט מיר דערציילן וואָס ס'שרײַבן די גאַזעטן... בײַ אים פלעג איך זיך אַביסל אויסרוען, פאַרגעסן... וועגן אַלץ האָט ער געוווּסט, אַ מיניסטערשן קאָפּ געהאַט... מאַריע גייט אַרום, ווי אַ שאָטן... באַגאַכט לאָזן זיי זי אָפּ אַהיים. זי פלעגט וויגן דאָס קינד, טרייסטן די שנור, איר לייענען שיינע ביכלעך...

אין די גאַזעטן האָט מען געשריבן, אַז איוואַן, אַ שאָכנס אַ זון, וואָס איז געווען מיט סעמיאָנען אין איין פּאָלק, איז דערהאַרגעט געוואָרן. מיין פּאָטערלעך האַרץ האָט מיך רוען ניט געלאָזט. איך בין אַוועק צום דאָקטאָר. אַז ער האָט מיך דערזען, איז ער ווי צעטומלט געוואָרן.—זאָגט מיר, פּאַוועל פּעטראָוויטש, איז גאָר ניטאָ אין די גאַזעטן וועגן מיין סעמיאָנען?—ניין!—האָט מיר געענטפערט פּאַוועל פּעטראָוויטש און דערביי זיך עפּעס מאָדנע איבערגעקוקט מיט זיין פרוי. כ'האָב באַשלאָסן, אַז דאָ איז ניט גלאַט, אַז מע באַהאַלט עפּעס פֿון מיר... איך האָב זיך קוים דערשלעפּט אַהיים. פּאַוועל פּעטראָוויטש האָט מיך באַגלייט; קיינמאָל פלעגט ער מיך ניט באַגלייטן. דעם גאַנצן וועג האָט ער אַ וואָרט ניט אויסגערעדט. איך בין אַריין שטיל אין פּאָרהויז. איך הער עפּעס אַ שאָרך אין אַ ווינקל און אַ שטיל געוויין. איך האָב גלייך דערקאָנט מאַריעס קאָל... איך בין צו איר צוגעגאַנגען, האָב זי אַרומגענומען. וואָס איז מיט סעמיאָנען?-זי האָט נאָך שטאַרקער זיך פאַנאַנדערגעוויינט. ווען?—האָט זיך באַ מיר אַרויסגעריסן. גלייך מיט איוואַנען—האָט מאַריע אויסגעבראָכן אין אַ שלוכצן...

— — — — — — — — — — —

שטיל, ווי אַ ליכט איז די שנור אויסגעגאַנגען, אַקוראַט, ווי איינגעשלאָפן; זי האָט זיך פאַרבענקט נאָך סעמיאָנען!

זאַכאַרין האָט זיך ווידער שטאַרק פאַנאַנדערגעהוסט און אָנגעהויבן צו ציטערן מיטן גאַנצן קערפּער. ער האָט געמוזט איבעררייסן. מיר זיינען אַלע געבליבן זיצן, ווי אַווייַלים. דער טיפער טרויער האָט בלויז געוועבט זיין לאַנגן פאָדים, און אַלץ פעסטער, פעסטער אַרומגעפלאָכטן אונדזערע הערצער...

5

אַף מאָרגן האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אַרום זאַכאַרינען און ער האָט פאָרגעזעצט זיין טרויעריקע דערציילונג.

— מאַריאַ איז געווען די מוטער פון דעם קליינטשיקן. אַ גוטע מאַמע איז זי געווען.

אין דאָרף באַ אונדז האָט מען גערעט, אַז אין פּעטערבורג איז אַ בונט... עפּעס אַ גאַלעך, מיטן נאָמען גאַפּאָן, האָט אופגעהויבן דאָס פאָלק און איז אַוועק צום „צאַר באַטיושקא". מיט הייליקע פאָנען, ציילאָמים זיינען זיי געגאַנגען. זיי האָבן געבעטן, מע זאָל אָפּשטעלן די מילכאָמע, אופהערן צו פאַרגיסן אומזיסט בלוט, מע זאָל געבן די פויערים ערד. אָפן וועג האָבן קאַזאַקן זיי אַרומגענומען און געשאָסן, ס'זיינען געפאַלן טויטע... דער צאַר באַטיושקא—האָט מען גערעט—איז אין דעם ניט שולדיק, ער האָט ניט געוווּסט; ער וויל אַליין אָפּשטעלן די מילכאָמע, געבן די פויערים ערד, דעם גאַנצן פאָלק פרייהייט... דער הויפּט-מיניסטער טרעפּאָוו איז אָבער אונטערגעקויפט פון די „זשידעס". די „זשידעס" ווילן די מילכאָמע זאָל זיין, וויַיל אין אַ מעהומע וועלן זיי קאָנען אַלץ אַריינכאַפּן אין זייערע הענט. טרעפּאָוו האָט עס געהייסן שיסן אין רויקן פאָלק. דער צאַר-באַטיושקא האָט אים דערפאַר אַראָפּגעוואָרפן פון זיין שטעלע און געהייסן שטרענג באַטראָפן...

אַנדערע האָבן דערציילט, אַז דער גאַלעך אַליין איז אַן איבערגעטאָנענער „זשיד", ער האָט אָנגעהעצט אַ גרויסע באַנדע מערדער צו האַרגענען דעם צאַר באַטיושקא און אַליין ווערן אַ קייסער פון רוסלאַנר, קעדיי דערמיט רוסלאַנד צו מאַכן אַ מעלוכע פון בלוט-זויגער „זשידעס"... איבערהויפּט האָבן דאָס גערעט די רייכע באַלעבאַטים, די „קולאַקעס".

ס'איז ניט דאָס—האָב איך געקלערט. מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט אַף ניט גוטס. איך בין אַוועק צו פּאַוועל פּעטראָוויטשן. דאָרטן זיינען שוין געווען אַלע שכיינים אויך דער עלטסטער פון דאָרף, דער סטאַרשינאַ. פּאַוועל פּעטראָוויטש האָט אונדז דורכגעלייענט

וואָס די גאַזעטן שרײַבן. צי איז עמעס, פאַוועל פעטראָוויטש, וואָס מע רעט—האָב איך אים געפרעגט,—אַז סרעפּאָוו איז אונטערגעקויפט?

ניין, ניט עמעס!—האָט ער שטרענג געענטפערט. און אַז דער גאַלעך איז אַן איבערגעטאָנענער זשיד?—אויך ניט עמעס!—ער האָט אונדז דערקלערט, ווער זײַנען די עמעס שולדיקע.

איינציקע האָבן, אַרויסגייענדיק געמורמלט, אַז פאַוועל פעטראָוויטש זאָגט ליגן. דער צאַר באַטיושקא—האָט זיך געהיצט דער סטאַרשינאַ,—קאָן אַזעלכע אַוולעס ניט באַגיין. פאַוועל פעטראָוויטש איז אַליין אַ זשיד, און איין פיאַווקע פאַרטיידיקט די צווייטע.

אַ נאַרעלע, קינדער, בין איך געווען. איך האָב אויך ניט געגלויבט, אַז דער צאַרבאַטיושקא זאָל דאָס טאָן. סטײַטש, אונדזער פאָטער, אונדזער באַשיצער, אונדזער גויעל זאָל הייסן שיסן אין אַ רויקן האַמוין דערפאַר, ווײַל ער גייט מיטן ציילעם בעטן ראַכמים, ברויט, גערעכטיקייט? ניין, דאָס קאָן ניט זײַן... פאַוועל פעטראָוויטש איז טאַקע אַ גוטער מענטש, נאָר דאָך אַ זשיד, דאַרף ער אַזוי ריידן!..

איך האָב געמיינט יענע נאַכט, אַז איך ווער מעשוגע. מײַן אַלטער קאָפּ האָט זיך מיר געשפּאַלטן אַף שטיקער. סטעפּאַן, סטעפּאַן—האָט געקלאַפּט ווי אַ האַמער אין די שלייפן. איך בין אַראָפּגעגאַנגען פון מײַן געלעגער, האָב אָנגעצונדן פײַער און בין אַרומגעקראָכן הין און צוריק איבערן שטוב. פון ווינקל האָט אַף מיר געקוקט דאָס הייליקע בילד. אַזויפיל מיטלייד, אַזויפיל מיטגעפיל האָט אַרויסגעשײַנט פון די הייליקע אויגן... איך בין צוגעפאַלן צו אים מיט אַ טפילע. ס'זיפּצט שווער פון שלאָף מאַריע, ס'וויינט דאָס קינד און איך שעפּטשע: אָ, גרויסער גאָט, ווײַז אַרויס דײַן לײַטזעליקײַט צו זיי!..

ניין, ער האָט מײַן טפילע ניט צוגעהערט!..

זאַכאַרין האָט ציטערנדיק צונויפגעדריקט זײַנע פויסטן. די אַלטע ברוסט האָט זיך פיבערלעך געהויבן; מע האָט געזען, אַז דאָרטן קומט פאָר אַ שטורעם.

אַ פערטן קייווער טראָג איך אין מײַן האַרץ. צווישן די דערשאָסענע אַף די גאַסן פון פעטערבורג איז אויך געווען סטעפּאַן!..”

די דערציילונג איז געוואָרן אָפּגעהאַקטער. זאַכאַרינס פּאָנים האָט זיך באַצויגן מיט אַ פינסטערער כמאַרע, נאָר די אויגן האָבן געברענט:

פאַוועל פעטראָוויטשן מיט זײַן פרוי האָבן זשאַנדאַרן אַוועקגעפירט... מאַריע פלעגט איצטער פאָרלייענען די גאַזעטן, איך פלעג געבן דערקלערונגען.

די נויט איז געוואָרן אומגעהויער... פּריצישע ביניאָנים האָבן געברענט, די וועלדער אַרום... ליכטיק איז געווען, ליכטיק אין אַלע ווינקעלעך”... ער האָט שווער אָפּגעאָטעמט:

קאַזאַקן... דראַגונען... געקומען—זאַכאַרינס שטים האָט אָנגעהויבן ציטערן—און מײַן טאָכטער... מײַן מאַריען... מײַן טײַער שעפעלע... גע... געשענ... געשענדט... פאַר... מיר... אין... די אויגן!..

ס'איז שטיל געוואָרן.

„יאָ, כ'בין דערגאַנגען מיטן אייגענעם סייכל!...”—זאַכאַרין האָט זיך קאָנוולסיוו פאַרנאַנדערגעוויינט.

אבו—זיאַם.

# דער אימפּעריאַליסטישער ציוניזם.

די אימפּעריאַליסטישע וועלט-מלחמה שטעלט מיט זיך פֿאָר אַן איבערברוך-מאָמענט אין דער געשיכטע פֿון דעם ציוניזם.

זי האָט געשאַפֿן אַן אויסערגעוויינטלעך גינסטיקע אַטמאָספֿער פֿאַרן ציוניזם. די אַלטע פֿאַרשוומענע אידייען וועגן דער אויסלייזונג פֿון ציון דורך דער הילף פֿון די אומות-העולם באַקומען נייע, קאָנקרעטע יעסוידעס. די ציוניסטן דאַרפֿן און קענען איצט אויסקלייבן צווישן די גרויסע אימפּעריאַליסטישע גרופּירונגען, וועלכע קעמפֿן פֿאַר דער וועלט-הערשאַפֿט, זיי—וועלכע האָבן גענומען די מאָנאָפּאָל צו ריידן אין נאָמען פֿון די מיליאָנען יידישע מאַסן—ווילן די מאסן איצט אַריינוואַרפֿן אין דער וואָגשאָל פֿאַר איינעם פֿון די קעמפֿנדיקע צדדים.

ביז דער מלחמה איז די אָריענטאַציע פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע געווען אין אַלגעמיין אַ דייטשישע. אָנהויבנדיק פֿון ד״ר הערצלס אונטערהאַנדלונגען מיטן דייטשישן קייזער און מיטן סולטאַן, און ענדיקנדיק מיט דעם פֿאַקט, אַז בעראָש פֿון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זיינען געשטאַנען וואַרבורג, האַנטקע און רופּין—דייטשן—האָט דער ציוניזם געפּרווט ווערן אַ רעדל אין דער מאַשין פֿונם דייטשישן אימפּעריאַליזם.

„ברייטע קרייזן פֿון דער אייראָפּעישער עפֿנטלעכקייט האָבן שוין לאַנג אָנערקענט די גרויסע קולטורעלע באַדייטונג פֿון דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין פּאַלעסטינע און מיט וואַרעמער סימפּאַטיע זי באַגריסט... באַזונדער שטאַרק זיינען געוואָרן די סימפּאַטיעס פֿון דייטשלאַנד צו דער ציוניסטישער קאָלאָניזאַציע [1]. ביים דער מלחמה האָבן זיך די סימפּאַטיעס נאָך מער פֿאַרשטאַרקט. עס איז גענוג צו דערמאָנען די אַרטיקלען פֿון פּ. ראָרבאַך, פּראָפֿ. ערנסטיעקי, ד״ר אַלפֿאָנס פּאַקעט, פּראָפֿ. באַלאַד; די ציַיטונגען „דאָס גרעסערע דייטשלאַנד״, די „גרענץ-באָטן״, „פּרייסישע יאָר-ביכער״, ווי אויך דער פּאַרטיי-אָרגאַן פֿון די קאָנסערוואַטאָרן „קרייץ-צייטונג״—זיינען אַרויסגעטראָטן מיט אַ ריי אַרטיקלען, אין וועלכע מען האָט באַמיט זיך צו דערוויַיזן, „אַז די אינטערעסן פֿון דייטשישן אימפּעריאַליזם און די אינטערעסן פֿון ציוניזם פֿאַלן צוזאַמען״.

אין ד״ר רופּינס פּלענער האָט פֿאַרנומען אַ גרויסן אָרט די באַדייַטונג, וועלכע אַ ציוניסטישע פּאַלעסטינע, געשטיצט אַף דייטשלאַנד, קען האָבן פֿאַר דער רעאַליזירונג פֿון די דייטשישע בערלין-באַגדאַד-פּלאַנען, וועלכע האָבן דאַמאָלסט פֿאַרנומען אין דער דייטשישער קאָלאָניאַל-פּאָליטיק דאָסזעלבע אָרט, ווי היינט די קאַירא-באַגדאַד-פּלאַנען באַם בריטישן אימפּעריאַליזם. דייטשישע געזעלשאַפֿטן („עזרא״ א. א.) האָבן דאַן אַרייַנגעדרונגען אין פּאַלעסטינע, מען האָט קולטיווירט די דייטשישע שפּראַך [2], דייטשישע אינזשענערן האָבן אויסגעאַרבעט פּלענער פֿון קאָלאָניזאַציע.

צום ערשטן מאָל איז די „דייטשישע״ אָריענטאַציע פֿונם ציוניזם דערשיטערט געוואָרן נאָך דער יונג-טערקישער רעוואָלוציע פֿון 1908-טן יאָר. דידאָזיקע רעוואָלוציע האָט אין דער אויסערן-פּאָליטיק געשטאַרקט דעם צוזאַמענבונד פֿון דער יונגער טערקישער בור-

[1] זע Max Simon, Der Weltkrieg und die Judenfrage.

[2] ביז היינט ווערן די ציוניסטישע קאָנגרעסן געפֿירט אַף דייטש.

זשואַזיע מיטן דײַטשישן אימפּעריאַליזם—אינערלעך האָבן זיך פֿאַרשטאַרקט די סטירעס צווישן דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג פֿון די פֿעלקער אַף דער אָטאָמאַנישער טעריטאָריע—פֿון איין זײַט, און דער טערקישער רעגירונג, וואָס האָט זיך געשטיצט אַף דײַטשלאַנד פֿון דער צווייטער זײַט. דערמיט האָט זיך בעמיילע אונטערגעריסן די דײַטשישע אָריענטאַציע פֿונם ציעניזם: אַ קאַפּיטאַליסטישע אַנטוויקלונג פֿון פּאַלעסטינע און סיריע אַלס א טייל פֿון דער טערקישער אימפּעריע איז געשטאַנען אין קעגנזאַץ צו דער ציעניסטישער קאָלאָניזאַציע און אימיגראַציע-פּלענער. די רעאַליזירונג פֿון די ציעניסטישע אַספּיראַציעס איז אַלץ בולטער צונויפֿגעפֿאַלן מיט דער באַפֿרײַונג פֿון פּאַלעסטינע פֿונם טערקישן יאָך, ד. ה. זי איז געקומען אין אַ קעגנזאַץ צו דער דײַטשישער אָריענטאַציע פֿונם ציעניזם.

די מילכאָמע האָט דעם קעגנזאַץ פֿאַרשאַרפֿט. אַלע נאַציאָנאַלע בורזשואַזיעס האָבן זיך נעמוזט אָנשליסן אָן איינעם פֿון די צוויי קעמפֿנדיקע לאַגערן—אָן דײַטשישן אָדער אָן דעם בריטישן. דער דײַטשישער האָט די ציעניסטן גאָרנישט ניט געקענט געבן, אַ פֿאַרבינדונג מיט דײַטשלאַנד איז געוואָרן אומצוועקמעסיק צוליב פֿאָלגנדיקע מאָטיוון: 1) אַדאַנק דער לאַגע אין פּאַלעסטינע גופֿע,—די זייער פֿאַרשאַרפֿטע באַציִונגען צווישן דער טערקישע מיליטער-מאַכט און דעם ייִדישן יישעוו. 2) אַדאַנק דעם אינטערנאַציאָנאַלן געוויכט פֿון די ציעניסטישע קרײַזן, וועלכע זײַנען געבליבן אַף דער בריטישער זײַט, דעריקער די רוסישע ציעניסטן. בײַ דעם רוסיש-ענגלישן בונד וואָלט די פּראָ-דײַטשישע אָריענטאַציע פֿון די רוסישע ציעניסטן געהייסן זיך שטעלן אַף דער זײַט פֿונם „סוינע“, בעשאַס אַ בריטישע אָריענטאַציע האָט געגעבן די רוסישע ציעניסטן אַסאַך האָפֿענונגען אַף לעגאַליזירן זיך אין רוסלאַנד גופֿע. 3) אַדאַנק דער מיליטערישער שטאַרקײַט פֿון ענגלאַנד און אירע פֿאַרבינדעטע, וועלכע האָבן רעדוצירט ביז אַ מינימום די ניצכוינעס-פּערספּעקטיוון פֿון דײַטשישן אימפּעריאַליזם.

דאָך איז (ווי עס באַווײַזט אויך סאָקאָלאָוו אין זײַן „געשיכטע פֿונם ציעניזם“) אין מעשעך פֿון דער ערשטער העלפֿט פֿון דער מילכאָמע די אָריענטאַציע פֿון דער ציעניסטישער אָרגאַניזאַציע געווען אינגאַנצן נעפּלהאַפֿט. עס האָבן זיך געפֿירט פּאַראַלעלע אַרבעטן: די דײַטשישע ציעניסטן האָבן געפּרוווט ווירקן אַף די קויכעס פֿונם דײַטשישן אימפּעריאַליזם, די ענגלישע אין ענגלאַנד, די עסטרײַכישע אין עסטרײַך א. א. וו..

מער אָדער ווייניקער קלאָר איז די פּראָ-בריטישע אָריענטאַציע פֿונם ציעניזם געוואָרן ערשט אין אָנהויב 1917 אַדאַנק פֿאָלגנדיקע סיבעס: 1) די מאַפּאָלעס פֿון די טערקיש-דײַטשישע אַרמייען אַף דעם פּאַלעסטינער פֿראָנט. דערמיט איז פֿאַרבונדן די פֿאַרשטאַרקונג פֿון טערקישן דרוק אַף די ציעניסטישע קאָלאָניעס, וואָס נעמט אָן אַ כאַראַקטער פֿון סיסטעמאַטישע רעדיפֿעס. די דײַטשן באַשטעטיקן דידאָזיקע רעדיפֿעס און די ענגלענדער ווערן איצט באַטראַכט אַלס אויסלייזער. 2) די רוסישע פֿעוראַל-רעוואָלוציע, וואָס האָט געקראָגן אַ גוואַלדיקן אויפֿשוווּנג פֿון ציעניזם אין רוסלאַנד. די ציעניסטישע בורזשואַזיע, וועלכע איז ספּעציאַל פֿאַרינטערעסירט אין דער פֿאָרזעצונג פֿון דער מילכאָמע, מוז געפֿינען פֿאַר די מאַסן אַ טערעץ פֿאַר איר אָנגעהעריקײַט צום מיליוקאָוו-ביונקענען*)—מילכאָמע-בלאָק. דער טערעץ איז די אָריענטאַציע אַף ענגלאַנד פֿאַר פֿאַרווירקלעכן די „נאַציאָנאַלע היים“ פֿאַר ייִדן אין ערעץ-ייִסראָעל. 3) דאָס, וואָס אמעריקע ווערט אַרײַנגעשלעפּט אין דער מילכאָמע און שטעלט זיך אַף דער זײַט פֿון ענגלאַנד. די אַמעריקאַנער ייִדן (פּונקט, אַגעוו, ווי די רוסישע עמיגראַנטן אין ענגלאַנד) דאַרפֿן אַרײַנגעטריבן ווערן אין מילכאָמע-באַגײַסטערונג. און נאָך דער בריטישער צוזאָג פֿון אַ נאַציאָנאַלער היים אין פּאַלעסטינע איז בעקויעך אַרויסצורופֿן באַם ייִדישן קלײנבירגערטום דידאָזיקע באַגײַסטערונג.

*) בריטישער פֿאָרשטייער אין פּעטראָגראַד.

דאָס אַלץ פֿאַרשטאַרקט ווייצמאַנס-סאָקאָלאָווס פּאָזיציע אין זייערע פֿאַרהאַנדלונגען מיט דעם בריטישן „פֿאָריין-אָפֿיס". בעשאס אין אָנהויב פֿון דער מילכאָמע האָבן זיי געקענט ריידן נאָר אין זייער אייגענעם נאָמען און אין נאָמען פֿון אַ טייל ענגליש ציעניסטן. פֿילן זיי איצט אונטער זיך די רוסישע ציעניסטן (טשלענאָווס אָנקומען אין לאָנדאָן), דאָס אַמעריקאַנישע יידישע קליינבירגערטום און די ציעניסטישע קאָלאָניזאַציע-פּאָזיציעס אין פּאַלעסטינע.

אויב די דײַטשישע אימפּעריאַליסטן זײַנען געווען געבונדן מיט טערקײַ און נישט געקענט געבן קײַן באַזונדער גרויסע פּאָליטישע האָוואָכעס די ציעניסטן, האָט זיך דער ענגלישער אימפּעריאַליזם געפֿונען אין אַ גינסטיקער לאַגע, ווײַל פֿאַרניכטן, לעכאָלאַפּאָכעס, צושפּליטערן די טערקישע מעלוכע איז אַרײַן אין זײַנע דירעקטע פּאָליטישע כעשבוינעס.

דער ציעניזם איז געווען אַ פּאַסנדיקע געלעגנהײַט פֿאַר די ענגלישע אינטריגעס קעגן דער טערקישער מעלוכע. וואָס מער דער דײַטשישער אימפּעריאַליזם האָט זיך צונויפֿגעקניפּט מיט קאָנסטאַנטינאָפּאָל, אַלץ אינטענסיווער האָט ענגלאַנד (און אין אַ גרויסער מאָס אויך פֿראַנקרײַך) געוועבט אירע פֿעדים פֿון מעקע קײַן דאַמעסעק, פֿון באַגדאַד קײַן יערושאָלאַים—אין אַלע וויכטיקע אַראַבישע צענטרען. בענויגייע פּאַלעסטינע, באַזונדער, איז געווען דער ענגלישער פּלאַן אין אָנהויב פֿון מילכאָמע אויסגערעכנט אַף אויסנוצן אויך די רעליגיעזע סאַנטימענטן פֿון די קריסטן (אין קעגנזאַץ צו דער הייליקער מילכאָמע פֿונם איסלאַם, וואָס דער טערקישער סולטאַן האָט פּראָקלאַמירט לויט דעם פֿאָרשלאַג פֿונם דײַטשישן קייזער) פֿאַר דעם „קרייצוג אין דעם הייליקן לאַנד".

נאַטירלעך, אַז אין די ביידע פּאָליטישע ריכטונגען—אַראַבישער נאַציאָנאַלער אופֿשטאַנד און „קרייצוג"—האָט זיך זייער שלעכט אַרײַנגעפּאַסט אַ ציעניסטישער אָפּנויג, אַ נאַציאָנאַלע היים פֿאַר יידן אין פּאַלעסטינע. פֿאַקטיש זעען מיר אויך, אַז אין די ערשטע צוויי יאָרן פֿון מילכאָמע איז נאָך ניטאָ אַפֿילע קײַן זייכער פֿון ציעניסטישע פּלענער אין דער בריטישער פּאָליטיק, און ווייצמאַן-סאָקאָלאָוו שטויסן זיך מיט זייערע פֿאָרשלאַגן אָן אָן אײַזערנער וואַנט—הען אין לאָנדאָן און הען באַ דער בריטישער קאָמאַנדע אין קאַיראָ. נאָך אין 1916 יאָר ווערט אָנגעשריבן דער סייקס-פּיקאָ-אָפּמאַך, אין וועלכן מען פֿאַרטיילט זיך די האַשפּאָע-ראַיאָנען צווישן ענגלאַנד-פֿראַנקרײַך און רוסלאַנד, און אין וועלכן עס ווערט אַפֿילע ניט דערמאָנט וועגן ציעניסטישע פּלענער. אַדעראַבע: די פֿראַנצויזישע גרענעץ דאַרף אַדורכגיין אינמיטן פּאַלעסטינע (דאָרעם פֿון כייפֿע), און ענגלאַנד דאַרף באַקומען אַ פּאַס. ברייט גענוג אַף צו פֿאַרטיידיקן דעם סועץ-קאַנאַל. אָבער דער געאָגראַפֿישער באַגריף פּאַלעסטינע פֿיגורירט ניט. דערבײַ האָט געוויס אַסאַך געווירקט די קלערikאַלע האַשפּאָע מיצאַד דעם רוסישן פֿאָרשטייער (געווען אַ פּלאַן „אינטערנאַציאָנאַליזירן" די הייליקע שטעט), פֿאַר וועלכע אַ ציעניסטישע היים וואָלט געווען אומדערלאָזבאַר.

אויך אין דעם בריוו פֿון מעק-מעהאַנען צום קעניג כוסיין, אין וועלכן עס ווערט פּראָיעקטירט די שאַפֿונג פֿון דער אַראַבישער פֿעדעראַציע, איז פּאַלעסטינע ניט באַזונדער אויסגעטיילט געוואָרן. מען האָט נאָר גערעדט אין אַלגעמיין וועגן דעם, אַז ענגלאַנד און פֿראַנקרײַך רעזערווירן זיך זייערע האַשפּאָע-געביטן. אַנטשפּרעכנד איז אויך די באַציונג צו די ערשטע יידישע לעגיאָנען (זשאַבאָטינסקי-טרומפּעלדאָר) געווען אַ נעגאַטיווע, אַף וויפֿל זיי האָבן זיך דערקלערט פֿאַר ציעניסטישע, מע האָט זיי געשיקט אימקאָלהאַנאָרים קעמפֿן אין די דאַראַנעלן, אין מידבער און מיט אַ קיוון ניט אויסגענוצט פֿאַר פּאַלעסטינע:

אַן איבערברוך איז פֿאָרגעקומען ערשט אין 1917 יאָר. די ציעניסטישע דערנענטערונג צום בריטישן אימפּעריאַליזם איז געגאַנגען אַף צוויי וועגן: א) דורך דירעקטע דינסטן פֿון ציעניסטישע אַגענטן לעטויוועס דער בריטישער אַרמיי; ב) דורך דעם ווּקס פֿון דער ציעניסטישער האַשפּאָע אין אייראָפּע, אין לאָנדאָן.

אין 1917 יאָר—דער ווענדפּונקט פֿון דער וועלט-מילכאָמע—האָט לאָיד דזשאָרדזש געמוזט מאָבּיליזירן אַלע מעגלעכע קויכעס פֿאַר די ענגלישע מילכאָמע-פּלענער. ער האָט זיך באַמיט צו געווינען די ייִדישע קאַפּיטאַליסטן אין אַמעריקע, וועלכע האָבן אַ גרויסע האַשפּאָע, ווי אויך די באַדײַטנדיקע ייִדישע מאַסן אין רוסלאַנד, בײַ וועס האָט זיך געהאַנדלט פֿאַר יעדן פּרײַז אײַנצוהאַלטן בײַ דער מאַכט מיליוקאָוו-קערענסקיס מילכאָמע-בלאָק און ניט דערלאָזן דעם ניצאָכן פֿון די באָלשעוויקעס.

גלײַכצײַטיק האָט זיך פֿאַר דער בריטישער פּאָליטיק שאַרף געשטעלט די פֿראַגע וועגן דער פּערספּעקטיוו פֿון דער אַראַבּישער רעוואָלוציע. די אַראַבּישע רעוואָלוציע, וואָס איז פֿריער געווען פֿינאַנסירט דורך ענגלאַנד (לאָרענס און פֿילבי האָבן געשלעפּט גאַנצע זעק מיט גאָלד צו כוסיינען און איבּן-סאַודן, קעדיי זיי זאָלן אויפֿהייבן קעגן דעם סולטאַן) איז אין 1917 געוואָרן שוין אַ זעלבּשטענדיקע באַוועגונג. און דערמיט פֿאַרגעשטעלט מיט זיך אַ סאַקאָנע פֿאַר ענגלאַנד. בײַ פֿאַר די מיליטערישע אָנפֿירער איז נאָך אַלץ געשטאַנען די פֿראַגע, ווי אַזוי ווײַטער טרײַבּן די אַראַבּ. נאַצ. באַוו. און פֿאַרניכטן דעם טערקישן סוינע איז פֿאַר לאָיד-דזשאָרדזשען און באַלפֿורן שוין געשטאַנען די פֿראַגע, ווי אַזוי פּאָטער צו ווערן פֿון דער באַוועגונג און שאַפֿן זיך גאַראַנטיעס קעגן איר וווּקס.

גלײַך פֿון אָנהויבּ איז קלאָר געוואָרן, אַז אַן אײַנהײַטלעכע שטאַרקע אַראַבּישע מעלוכע קען ווערן נאָך מער געפֿערלעך פֿאַר דער רויבּערישער פּאָליטיק פֿון ענגלאַנד, ווי טערקײַ. די ווײַטזיכטיקע אימפּעריאַליסטן האָבן גוט פֿאַרויסגעזען, אַז די נאַציאָנאַלע באַפֿרײַונג פֿון אַראַבּיע קען זיך ניט באַנוגענען מיט דעם, וואָס זי וועט פֿאַריאָגן טערקײַ: די אַראַבּישע שוואָטים וועלן גיין ווײַטער. זיי וועלן פֿאָדערן אויך די עוואַקואַציע פֿון זייערע „באַפֿרײַער"—די ענגלענדער. דעריבּער זײַנען די ציוניסטישע פּלענער געווען ווי געוווּנטשן פֿאַרן ענגלישן אימפּעריאַליזם. דורך אַ קינסטלעכער ייִדישער אימיגראַציע און קאָלאָניזאַציע אויפֿקשטעלן אַ מעכיצע אין אַראַבּיען, צושפּליטערן די אינטערעסן פֿון די פֿאַרשיידענע פּראָווינצן און אַזוי אַרום אויפֿקשטעלן אַ שוואַרצן קרײַץ אויף אַלע כעשבּוינעס פֿון די אַראַבּישע נאַציאָנאַליסטן. דערבּײַ קומט נאָך אין באַטראַכט דער סטראַטעגישער כעשבּן וועגן דער שמירע פֿון סועץ-קאַנאַל.

אָט ווי אַזוי די ענגלישע אַגענטן אַליין מאָטיווירן זייער ציוניסטישע פּאָליטיק: מאַרסין קאָנווײ, אין „ד ײ ל י ט ע ל ע ג ר אַ ף", דעם אָפֿיציאָז פֿונם בריטישן אויסערן-מיניסטעריום, שרײַבּט:

„בּריטאַניע איז ניט געקומען אין אינדיע, עגיפּטן און פּאַלעסטינע צוליבּ פֿאַנטאַסטישע צוועקן, קעדיי צו לערנען די באַפֿעלקערונג סייכל און צוגרייטן זי צו דער אייגענער הערשאַפֿט. זי געפֿינט זיך דאָרט לעטובֿוועס די גרויס-בּריטאַנישע אינטערעסן. די עמעסדיקע סאַקאָנע פֿאַרן סועץ-קאַנאַל וועט קומען פֿון פּאַלעסטינע. פֿראַנקרײַך איז אונדז אַ פֿײַנטלעכע מעלוכע. אויבּ ענגלאַנד וועט אַרויס פֿון פּאַלעסטינע, וועט נאָך איר קומען פֿראַנקרײַך. פֿון דער צווייטער זײַט מאַכט די ניטאייניקײַט צווישן די ייִדן און אַראַבּער אוממעגלעך די עוואַקואַציע פֿונם לאַנד. אויבּ מיר וועלן אַרויס פֿון פּאַלעסטינע, וועלן דאָרטן זײַן פּאָגראָמען, וואָס וועלן אַרויסרופֿן די פֿאַרבּיטערונג פֿון דער גאַנצער וועלט, און ענגלאַנד וועט זײַן פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר די געשעענישן. לויט אונדזער דערפֿאַרונג אין עגיפּטן, ווייסן מיר, אַז די אַראַבּער וועלן דאַן זײַן סאָנים פֿון ענגלאַנד, גלײַך ווי זיי זענען סאָנים פֿון די ייִדן. דער סועץ-קאַנאַל וועט זײַן אײַנגעקלעמט צווישן די סאָנים פֿון ענגלאַנד און עגיפּטן און אירע פֿײַגט אין סיריע. דאַמאָלסט וועט יעדע פֿײַנטלעכע מעלוכע קענען אָנפֿאַלן אויף אונדז.

„פֿון דער ייִדישער קאָלאָניזאַציע דראָט ניט קיין סאַקאָנע, די ייִדן זענען אַ מינדערהײַט, וואָס שטיצט זיך אויף דער בּריטישער שוץ, קעדיי צו פֿאַרזיכערן זיך איר עקזיסטענץ. אויבּ ענגלאַנד וועט פֿון די ייִדן צונעמען איר שוץ, וועלן זיי אומקומען. אויבּ מיר וועלן דערלאָזן, אַז גאַנץ פּאַלעסטינע זאָל ווערן ייִדיש, טאָ וועט דאָס זײַן אַ ייִדישער אינדזל

אַרומגערינגלט פֿון דרײַ זײַטן מיט אַראַבּישע פֿײַנט. דעריבּער האָט די בּריטישע אימפּעריע אַ גרויסן אינטערעס אין דער גרינדונג פֿון דער נאַציאָנאַלער היים פֿאַר יידן"...[1]

די קאָנסערוואַטיווע „טאַימס" שרײַבּט:

„אין דער איצטיקער סיטואַציע האָט פּאַלעסטינע אַ ספּעציעלע סטראַטעגישע בּאַדײַטונג פֿאַר דער בּריטישער אימפּעריע און פֿאַרן וועלט-שאָלעם. צוליבּ די אַלע סיבּעס איז נויטיק אַז די בּריטישע הערשאַפֿט אין פּאַלעסטינע זאָל ווערן פֿאָרגעזעצט"...[2]

עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן שאַפֿן בּאַזונדערע גרופּן, וועלכע זאָלן האַלטן דעם גלײַכגעוויכט קעגן דער אַראַבּישער נאַציאָנאַלער בּאַוועגונג. די צוגרייטונג פֿון אַזעלכע גרופּן האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פֿאַרשטאַרקונג פֿונם לעוואַנטינישן פּאַרטיקולאַריזם מיצאַד פֿראַנקרײַך, און די אָריענטאַציע אַפֿן ציעניזם מיצאַד ענגלאַנד. מיט דער רוסישער פּעוואָלוציע איז אָפּגעפֿאַלן דער רוסישער ווידערשטאַנד קעגן דעם ציעניזם, פֿאַרקערט: קערענסקי-מיליוקאָוו האָבּן געשטיצט דעם ציעניזם. מיט דער אַרײַנציִונג פֿון אַמעריקע האָט זיך פֿאַר ענגלאַנד געעפֿנט אַ פּערספּעקטיוו אַף אויסצונוצן די אַמעריקאַנער יידישע קאַפּיטאַליסטן. גלײַכצײַטיק האָט לאָיד-דזשאָרדזש געוואָלט פֿאַרשאַרפֿן די בּאַציונגען צווישן די יידישע מאַסן מיט דײַטשלאַנד בּעשאַס דער דײַטשישער אָקופּאַציע אין פּוילן, און צווישן די גאַליציש-עסטרײַכישע יידן אין עסטרײַך.

פֿון נישט קיין קליינער בּאַדײַטונג איז געווען דער קאַמף אַרום די סימפּאַטיעס פֿון יידישן פֿינאַנץ-קאַפּיטאַל. יידישע בּאַנקירן אין אַמעריקע און אייראָפּע, ווי אויך אין די אַראַבּישע פּראָווינצן פֿון טערקײַ האָבּן מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ גאַנץ בּאַדײַטנדיקן קויעך אין דער פֿינאַנץ-וועלט. עס האָט זיך געפֿירט אַ העפֿטיקער און פֿאַרבּיסענער וועלט-קאַמף צווישן די צוויי אימפּעריאַליסטישע מאַכנעס פֿאַר די סימפּאַטיעס פֿון אַלע קליינע פֿעלקער. אייניקע זײַנען אַפֿילע אַזוי ווײַט געגאַנגען, אַז זיי האָבּן בּאַהויפּטעט, דאָס די יידישע סימפּאַטיעס וועלן ווירקן אַף דער האַלטונג פֿון די פֿאַרייניקטע שטאַטן. קורץ, דער ענגלישער אימפּעריאַליזם האָט גאַנץ ערנסט געשאַצט דעם ציעניזם אַלס מיטל פֿאַר זײַנע אינטערעסן בּייס דער מילכאָמע.

אין אַמעריקע האָט מען געוואָלט ווערבּירן אַ נײַעם לעגיאָן. מען האָט—דאָס איז געווען לאָיד-דזשאָרזשס געדאַנק—געוואָלט מיטאַמאָל געווינען די 15 מיליאָן יידן אין דער גאַנצער וועלט פֿאַר ענגלאַנד.—און דאָס—האָבּן צוגעזאָגט ווייצמאַן-סאָקאָלאָוו—וועט ווערן פֿאַרווירקלעכט אין פֿאַל, אויבּ ענגלאַנד וועט געבּן אַן אָפֿענעם צוזאָג וועגן א יידישער פּאַלעסטינע. דידאָזיקע בּאַדינגונגען האָבּן געבּראַכט דעם 2-טן נאָיאַבּער פֿון 1917. צו דער בּאַוווסטער „בּאַלפֿור-דעקלאַראַציע".

פֿון דעם מאָמענט אָן ווערן די סימפּאַטיעס צום ציעניזם בּאַשטימט לויט דעם דיפּלאָמאַטיש-פּאָליטישן בּאַראָמעטער פֿון די אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס. פֿאַרשאַרפֿן זיך די בּאַציונגען צווישן דער אָדער יענער אימפּעריאַליסטישער גרופּע — פֿאַרשאַרפֿט זיך דאַן דער אינערלעכער „פּאַרטיי"-קאַמף אין ציעניזם. גיט מען גוט א שאָבּ וועלכן ס'איז ענגלישן, איטאַליענישן, אמעריקאנער ציעניסט, דעקט זיך אויף אַ גאַנץ פּאָשעטער אַגענט פֿון זײַן היימישן אימפּעריאַליזם.

דער לעצטער קאָזער פֿון ציעניזם איז דער אמעריקאנער אימפּעריאַליזם. דער אינטערעס פֿון די פֿאַרייניקטע שטאַטן פֿון אמעריקע צום אָריענט וואַקסט. וועגן דעם ריידן די פֿילע דעקלאַראַציעס פֿון דעם אמעריקאנישן קאָנסול אין עגיפּטן, די האַנדל-טוריסטן, עקספּעדיציעס אין עגיפּטן, סיריען, פּאַלעסטינע.

---

1) ציטירט נאָך „האָרעץ" עלעל תרפּה

2) „ „ „ תמוז „

נישט צופעליק ווערט מיטאַמאָל שטארק דער אינטערעס צום ציוניזם באַ די יידישע פינאַנץ-קרייזן אין אַמעריקע. וואָס מער עס פאַרשאַרפן זיך די סטירעס צווישן ענגלאַנד און אמעריקע, אַלץ שטאַרקער ווערט דער אינטערעס פון די לעצטע צום ציוניזם.

אין דעם זין איז כאַראַקטעריסטיש די שאַרפע פּאָלעמיק צווישן דעם אָפּיציאָז פון ענגלישן קאָלאָניאַל-מיניסטעריום און לויס ליפּסקי—פירער פון דער אמעריקאַנער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. ליפּסקי האַלט, אַז די בריטישע רעגירונג פילט נישט אויס ווי געהעריק די באַלפור-דעקלאַראַציע — און די ענגלישע פּרעסע באַמיט זיך צו דערווייזן דעם הייפּעך.

די ציוניסטישע באַוועגונג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אָפענער קאָלאָניאַלער דעראָבערונג-באַוועגונג. נישט די „נאַציאָנאַלע אינטערעסן" פון די מאַסן באַשטימען דעם כאַראַקטער, דעם גורל פון דער באַוועגונג, נאָר אין נאָמען פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פון דער דורך און דורך אַסימילירטער יידישער בורזשואַזיע ווערן עקספּלואַטירט די אָרעמע אומגליקלעכע יידישע מאַסן.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע פאַרוואַנדלט זיך אין א געוויינטלעכער קאָלאָניאַל-געזעלשאַפט, בעראָש פון וועלכער עס שטעלט זיך א קליינע קנופּיע פינאַנץ-מאַגנאַטן.

דער ציוניזם אין זיין אימפּעריאַליסטישער טקופע ווערט א קלאַסישער ביישפּיל פאַר דעם, ווי די הערשנדיקע קלאַסן, די רויבעריש-אימפּעריאַליסטישע מאַשין נוצט אויס די שטרעבונג פון די אונטערדריקטע מאַסן צו נאַציאָנאַלער באַפרייונג, קעדיי מיט זייער הילף אדורכפירן איר פּאָליטיק פון נאַציאָנאַלער און סאָציאַלער אונטערדריקונג.

א. ר. צווײַג.

# רייזין דער ליריקער.

(ס אָ ף)

## 4. די רעוואָלוציאָנערע באַפרוכפּערונג פונם פאָלקיסטישן צוזאַמענשלוס.

אומפרוכטבאַר וואָלט אָבער געבליבן דערדאָזיקער פאָלקיסטישער צוזאַמענשלוס, ווען ער וואָלט ניט באַפרוכפּערט געוואָרן פון דעם גרויסן סאָציאַלן אידעאַל פון אַלע אַרבעטנדיקע פון גאָר דער וועלט. עס וואָלט געבליבן אַ נודנער אומעט פון אַ דערשלאָגענעם קליינשטעטלדיקן אינטעליגענט *) וואָס קען זיך ניט צופּאַסן צום לעבן אין דער גרויסער קאָכיקער שטאָט... אַן אויסגאַנגלאָזער טרויער פון אַ מאַסע, וואָס פאַרמאָגט ניט קיין קראַפט אויסצולייזן זיך... צום גליק איז דאָס אָבער ניט געשען. שוין אויבן האָבן מיר געזען, ווי רייזין פאַרשטייט אויסגעצייכנט די סאָציאַלע סיבעס פון זיין אייגענעם און פון דער מאַסעס עלנט און טרויער. דאָס האָט אים געבראַכט אויך צו ווײַטערדיקע שריט. רייזין האָט זיך באַהעפט אָן דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן און דערמיט זיין אומעט-ליד דערהויבן. דער טרויעריקער ניגן ווערט שוין פון דאַן אָן באַלייט מיט אַ טיפער בענקשאַפט צו אַ נײַעם טאָג, צו אַ נײַעם פרילינג, וואָס דאַרף אויסלייזן פון דעם שווערן דריקנדיקן עלנט און אומעט... און וואָס איז דאָס פאַר אַ טאָג, וואָס איז דאָס פאַר אַ פרילינג, אַף וועלכע דער דיכטער וואַרט, דאָס פילן מיר אין יעדער שורע. דאָס איז דער געוואַרטער סאָציאַל-פּאָליטישער פרילינג...

און דאָ ווערט אונדז קלאָר, אַז רייזינס אומעט איז ניט קיין אומעט פון אַ נאַכט, וואָס קומט נאָך דער מאַפּאָלע פונם „טאָג" (ווי דאָס איז געווען אין דער רעאַקציע-טקופע), נאָר אַן אומעט פון אַ נאַכט, וואָס גאַרט נאָכן ליכטיקן באַגינען. דער דיכטער זינגט זײַנע לידער אין אַ טונקעלער נאַכט... אַרום שלאָפט מען מיטן פאַק שמאַטעס צוקאָפּנס... אָבער דעם דיכטער וועקט אויף אַ געהיימע קראַפט... ער פילט, אַז הינטערן וואַלד דעם פינצטערן באַוועגט זיך די זון, און באַלד, באַלד וועט זי אויפגיין... (ד. 38) מיט ציטערדיקן האַרצן וואַרט דער דיכטער אַפן ליכטיקן טאָג, ווען ס'וועט קלינגען די פריילעכע לידער פון פאָלק.

די פריילעכע לידער—זיי וועט ניט באַגלייטן  
קיין זיפצן, קיין קרעכצן, קיין קלינגען פון קייטן... (ד. 38).

ליידנשאַפטלעך רופט ער דעמדאָזיקן גרויסן טאָג, ער זאָל וואָס גיכער קומען.

אָ, גיכער, מאָשיעך, אָ גיכער שוין קום!  
עס רינגלט די גאַנצענע וועלט שוין אַרום,  
ווי גיפטיקע שלאַנגען, דער הונגער און נויט  
און העפקער, און פּאַכעד, און אַנגסטן, און טויט.  
אָ קום שוין, מאָשיעך, עס דריקט אומעטום  
די קייטן פון קנעכטשאַפט אַרום און אַרום...

*) דער אומעט פון אַזאַ דיכטער אלא סאַבאַלאָוויטש...

די אַלטע סאָציאַל-פּאָליטישע אָרדענונג שטעלט זיך פֿאָר דעם דיכטער אין געשטאַלט פֿון אַ וואַנט, „וואָס איז געמויערט גאָר פֿעסט און גאָר דיק, וואָס פֿאַרצוימט אונדז די וועגן צום לעבן, צום גליק".

פֿאַרשטעלט אונדז די ליכטיקע זון, און זי מאַכט
פֿון פֿריילעכן טאָג אונדז אַ פֿינצטערע נאַכט.

די אונטערדריקטע שטייען באַ דער וואַנט „די אויגן פֿול צאָרן, פֿאַרגאָסן מיט בלוט, די הערצער זיי שלאָגן מיט קראַפֿט און מיט מוט", און זיי ברעכן די וואַנט, ברעכן... ס'טרעפֿט, אַז פֿון וואַנט פֿאַלט ווען אַראָפּ א שטיין צי אַ ציגל, טרעפֿט עמיצן אין קאָפּ—די איבעריקע בלײַבן דאָך שטיין און ברעכן ווײַטער. און דער דיכטער רופֿט אַלעמען פֿאַרזאַמלען זיך, פֿעסטער צולייגן די האַנט, און סאָפֿקאָלסאָף וועט מען די וואַנט צוברעכן...

זײַן מוזע הערט אויף צו זײַן אין דיראָזיקע גרויסע מינוטן אַ ליריש-עלעגישע. זי ווערט אַ גלאָק, וואָס וועקט די שלאָפֿעדיקע:

כ'האָב אַ נײַעם גלאָק באַשאַפֿן
צו דערוואַכן טויטע שקלאַפֿן —
ניט אין קירכן—אין דער לופֿטן
הענג איך אים אַרויף.
ניט צו שרעקן, נאָר צו וועקן
גאָר די וועלט אין אַלע עקן
קלינגט ער מוטיק, רופֿט ער פֿריילעך:
שטייט צום לעבן אויף.

דעמלט שרעקט שוין ניט אַזוי די עלנטקײַט. עמעס דער סוינע האָט פֿאַרזעצט פֿיל קעמפֿער אין די טורמעס, אָבער פֿון טורמע הערט דער דיכטער אַ מונטערע שטים, גרויס זײַנען די געבליבענע אַרמייען—ניט אין די גאַסן דאַרף מען זיי זוכן, נאָר אין די קעלערס און פֿאַבריקן —

דאָרטן ליגן די אַרמייען,
וואָס די פֿרײַהײַט האָט דערוואָרבן,
צו באַפֿרײַען זי, די פֿרײַהײַט.
איז ניט שווער פֿאַר זיי קײַן קאָרבן (ד. 56).

דער דיכטער ווערט גלויבנפֿול און זיכער —

און זאָל ווי ווײַט
נאָך זײַן די צײַט
פֿון ליבע און פֿון שאָלעם —
דאָך קומען וועט
צי פֿרי, צי שפּעט
די צײַט, עס איז קײַן כאָלעם!

אָבער דערווײַל הערשט נאָך די פֿינצטערע נאַכט און ס'איז אַזוי ענג, אַזוי ענג... ווען וועט שוין זײַן דער טאָג—פֿרעגט דער דיכטער אין אַן אַנדער ליד—און מאַכן אַ סאָף צו די זיפֿצן און טרערן פֿון אָרעמען און שוואַכן, צום לאַכן פֿון ציינישן רויבער? (ד. 43). און רייזין דיכטעט אויס אַ האַרציקע טפֿילע צום פֿרילינג, ער זאָל שוין וואָס גיכער קומען...

אָבער קומען זאָל דער פֿרילינג אָן ווינטן, אָן שטורעמס... דער אויסגעמאַטערטער וואַלד וועט ניט אויסהאַלטן קײַן שטורעמווינטן...

שטראַלן, שטראַלן ברענג אים פֿיל,
הייל אים, הייל אים אָבער שטיל... (ד. 44).

אָט די־דאָזיקע טפֿילע אַף שטילקײַט איז זייער כאַראַקטעריסטיש פֿאַר רייזינען, דעם דיכטער פֿון פֿאָלקיסטישן צוזאַמענשלוס.

עמעס, עס טרעפֿן אַפֿילע אַזוינע באַגײַסטערטע מינוטן, ווען אויך דער שטורעם הערט אויף צו שרעקן —

זאָל דער שטורעם אויך מײַן שטיבל
כאָרעוו מאַכן — קײַן פֿאַריבל!
דורך די פֿלאַמען קוקט אַרויס
ס'נײַע, פֿרײַע, העלע הויז. (ד. 93).

אָבער אַז ס'איז געקומען די גרויסע מינוט — דער שטורם (פֿון 5-טן יאָר) האָט זיך אָנגעהויבן, איז דער דיכטער ניט בײַגעשטאַנען קעגן זײַן צווייפֿל, קענען זײַן שרעק-ניסאָיען.

עפּעס הער איך שטימען ברומען
אין דאָס ווײַטע נאָענטע לאַנד.
רופֿט מען מיך אַהין צו קומען?
ס'איז באַקאַנט און אומבאַקאַנט...

עפּעס הער איך ווינטן בלאָזן —
גלעטן זיי, צי טרײַבן זיי?
זאָל איך אין מײַן לאַנד זיך לאָזן?
עפּעס גלויבט זיך און ס'טוט וויי...

עפּעס הער איך פֿייגל זינגען,
אַז דער ווינטער האָט געעקט —
זאָל מײַן ליד אין כאָר אויך קלינגען?
עפּעס ציט און עפּעס שרעקט... (ד, 58).

ווײַל דעם דיכטערס רעוואָלוציאָנערער טרוים איז אַ פֿאָלקיסטיש-אינטעליגענטישער טרוים פֿון אַ שטילער צײַט פֿון ליבע און פֿון שאָלעם. דיווירקלעכע רעוואָלוציע קומט אָבער ניט מיט ליבע און שאָלעם — זי קומט מיט שלאַכטן, מיט סינע, מיט הייסן, ברענענדיקן האַס... באַזונדערס האָט זיך עס אַרויסגעוויזן שפּעטער, אין די גרויסע שטורעמטעג פֿון אָקטיאַבער.

## 5. די געפֿאַרן, וואָס דער צוזאַמענשלוס האָט אין זיך געטראָגן.

דער פֿאָלקיסטישער צוזאַמענשלוס האָט פֿון טכילעס אָן געטראָגן אין זיך די געפֿאַרן פֿון מעגולגל ווערן אין נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם. רייזין איז ניט קײַן אויסגעשפּראָכן-רעוואָלוציאָנערער דיכטער, ווי ווינטשעווסקי און באָוושאָווער. דאָס איז געוויס אויך דערפֿאַר, וואָס די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג גופֿע האָט שוין אין יענער צײַט (ערעוו 5-טן יאָר) זיך פֿאַרפּלאָנטערט אין נאַציאָנאַליסטישן פּלאָנטער.

צוגלײַך מיט די רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון, איז בײַ רייזינען אויך פֿאַראַן נאַציאָנאַלע מאָטיוון. טישעבאָוו באַנאַכט נעמט דעם דיכטער דורך דער אַלטער טרויער. אַף דער ערד דעם קאָפּ געבויגן, זיצט ער אָוולדיק, פֿאַרשמאַכט. בילדער פֿון כורבן גייען דורך פֿאַר זײַנע אויגן... יירמעיאָהו שטייט פֿאַר די אויגן, יאָמערט „אייכאָ". (ד. 205).

די כּאָנעקע־ליכטלעך פֿאַרטרײַבן דעם אַלטן טרויער. דאָס אַלטע גליק ערוואַכט. אין די ליכטלעך שײַנט אים אויף דער אַלטער גלויבן, וואָס באַגלייט אים איבעראַל...

ס'לײַכט די זעלע יענע פֿרומע,
וואָס זי האָט מיט קאַמף און שטרײַט
די געדריקטע שוואַכע אומע
פֿון דעם שווערן יאָך באַפֿרײַט...*) (ד 212).

אָבער דאָס איז גאָר אַף אַ ווײַל—אַ גאַנץ יאָר איז טרויעריק, זייער טרויעריק...

מײַן פֿרײַנט, צי דו ווייסט,
וואָס הייסט און באַטײַט
אַ ביטערע צײַט?
צי פֿילסטו, וואָס הייסט
אַ פֿאָלק אין צאַר
אַ פֿאָלק אין געפֿאַר?
— — — — — —
צי פֿילסטו מײַן פֿרײַנט,
וואָס איז דאָס אַזוינס
אַ פֿאָלק אַ קליינס
און גרויס איז דער פֿײַנט?
אָן וואַפֿן, אָן מוט
און האָט ניט קײַן שוץ,
און העפֿקער זײַן גוטס,
און העפֿקער זײַן בלוט?...

דאָס איז אנגעשריבן אונטער דער ווירקונג פֿון די פּאָגראָמען אין 5־טן יאָר. דאָ פֿיגורירט שוין ניט די אָרעמע גאַס, נאָר דאָס פֿאָלק אין אַלגעמיין—אין דער שווערער מינוט האָט דער דיכטער אַרויסגעלאָזן פֿון האַנט זײַן סאָציאַלן קאָמפּאַס, דערנעענטערט זיך צו ביאַליקן... די פּאָגראָמען איז אויך געווידמעט די לידער „וואָס מאַכט איר" און „דער ווינט". דער ווינט האָט געגעבן אַ בלאָז און צובראָכן זײַן שטיבל (דעם דיכטערס מוירע איז מעקוייעם געוואָרן), אַ קנאַל פֿון אַ דונער האָט דערהאַרגעט פֿיל נעפֿאַשעס. נאָר צו די ראָזיקע סטיכיִשע בליִנדע קויכעס האָט דער דיכטער גאָרניט, ווי האָט אָבער געלויכטן די זון און רויִק צוגעזען אַזאַ זינד**) (ד. 216).

דעם ספּעציפֿישן גאָלעס־שמערץ הערן מיר אין דער ליד „גייענדיק נאָך צווײַגן". באַ די גאָיִשע הײַזלעך רוישט א בוים באַ יעדער שטוב; און ס'גרינען גרעזעלעך און בלומען בליִען. שאָוועס גייט ער נאָך גרינס, אָבער ווען זײַן הענטל ציט זיך אויס צום בוים, קלינגט אַ גראָבער קאָל אין אויער: אַוועק, ניט דײַנע (ד. 220). אַ מין סינקרעטיזם פֿון סאָציאַל־נאַציאָנאַלן ווייטיק האָבן מיר אין דער באַרימטער ליד „ווי קום איך". ווו צוגלײַך מיט דער אָרעמער גאַס פֿיגורירט די נאַציאָנאַלע גאַס, וואָס איז שטענדיק אונטערן געפֿאַר פֿון גאָיִם און הינט...

אַן אַנדערש מאָל דינען די נאַציאָנאַל־געשיכטלעכע סיוזשעטן אַף פֿאַרקערפּערן אין זיי סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע מאָטיוון. אַזוינע זײַנען „אַפֿן ניל", „מוישע". דאָס איז ניט געטאָן געוואָרן, ווי אַנדערע מיינען, קעדיי דורכצושמוגלען אומלעגאַלע מאָטיוון אַף אַ לע-

*) דער „בונר" אין פוילן האָט טאַקע איצט דערקלערט כּאַנעקע פֿאַר אַ... פּראָלעטאַרישן יאָנטעוו...

**) דערמאָנט ביאַליקס „דער גאָרטן האָט געבליט, די זון האָט געלויכטן—און דער שויכעט האָט געשאָכטן" (שכיטע־שטאָט).

גאַלן אויפֿן. מיט דירזשזיקע סיוזשעטן האָט זיך רייזין צוגעפּאַסט צו דער פּסיכיק פֿון די מאַסן, וואָס האָבן זיך געגערט נאָך אין אַ גרויסער מאָס פֿון נאַציאָנאַל-געשיכטלעכן זי-קאָרן, און אויסגעדריקט זײַן אייגענע אינטימקײַט מיט דירזשזיקע לעגענדאַר-היסטאָרישע פֿאַקטן. אלנפֿאַלס, האָט רייזין דורך דירזשזיקע סיוזשעטן דערנענטערט צום מאַסן-באַוווּסט-זײַן רעוואָלוציאָנערע איבערלעבענישן. אָבער די נאַציאָנאַל-געשיכטלעכע סיוזשעטן פֿאַרבאַ-האַלטן אין זיך מער ווי אַנדערע די געפֿאַר אויסגענוצט ווערן און אויסגעטײַטשט ווערן, לעקאַמע פּאָנים, פֿיל באַטײַטיק...

## 6. די שטעטל אין רייזינס ליריק.

די באַציִונג צו דער שטעטל איז אַ אידעאָלאָגישער באַראָמעטער פֿאַר יעדער יידישן שרײַבער. ווישע באַציט זיך רייזין צום שטעטל? מיר האָבן שוין געזען אויבן, אַז רייזין בענקט אין שטאָט נאָכן שטעטל. ער קערט זיך אום צוריק אין שטעטל מיט שיינע, ראָזע האָפֿענונגען. ער דערוואַרט זען זײַן בליִענדיקן כאָלעם אין דער ווירקלעכקײַט. אָבער וואָס דערזעט ער אין דער ווירקלעכקײַט? כורבן... און רייזין באַשרײַבט ניט ווי אַש, זײַן כאָ-לעם ,נאָר די ווירקלעכקײַט, וואָס ער זעט. די שטעטל איז כאָרעוו—אַמעריקע האָט זי אויסגעליידיקט*). פֿון כאַים-לייזערס שטוב „מיט־דעם גאַניק מיט דעם לאַנגן" איז שוין לאַנג אַ טעל... כאַים-לייזער איז פֿאַראָרעמט, אוועק מיט זײַנע טעכטער אין אַמעריקע. כאַים-בער דער געמאָרע-מעלאַמעד גייט אַרום ליידיק, קיינער דאַרף שוין איצט ניט קײַן געמאָרע... די קינדער ווערן יונג באַלמעלאָכעס. אָבער דער מאַרק איז נאָך אלץ די עקאָנאָמישע באַ-זע פֿון שטעטל:

אָ, דעם גרויסן מאַרק פֿול בלאָטע
האָט מען אונדז אַוועקגעגעבן,
נעמט מען צו דעם מארק פֿול בלאָטע,
געמט מען אויך צו אונדזער לעבן... (ד. 197).

דעם דיכטערס באַקאַנטע, די ראָמאַנטיש-געשטימטע ראָכעלע, איז שוין אויך אַ קרע-מערקע געוואָרן—דער מאַרק האָט זי אין אירע נעצן אַרײַנגעכאַפּט... אַ האָפֿענונגלאָזיקײַט הענגט איבערן שטעטל...

כ'האָב געבענקט נאָך דיר פֿון ווײַטן,
כ'פֿלעג אף דיר דאָרט וואַרטן, האָפֿן —
אָרמער, טויטער, ווי געלאָזן —
האָב איך איצטער דיך געטראָפֿן! (ד. 199).

דירזשזיקע טויטקײַט איז דעם דיכטער ליב. זי וועקט אין אים זיכרוינעס, ליבע (אין בעסמעדרעש פֿילט ער זיך „ווי מאַלאָכים וואָלטן קושן אים און גלעטן". ד. 191), אָבער אידעאַליזירן אידעאַליזירט ניט רייזין דאָס שטעטל. זײַן צאַרטע ליבשאַפֿט שטערט אים ניט צו באַמערקן די סאָציאַלע אומגלײַכהײַט אין שטעטל—רעב בערן דעם יוסטן באַלעבאָס מיטן גרויסן בויך, וואָס בלאָזט פֿון זיך פֿול גאַיווע, בייס מע רופֿט אים אוף שישי, און די שנײַ-דערס און די שוסטערס, וואָס קוקן אף רעב בערן מיט קינע, און דערלאָזן דערלאָזט ניט רייזינען מאַכן פֿון רעב בערן אַ „רעב שלוימע נאָגיד" דאָס, וואָס ער איז געקומען פֿו

*) זע די פּאָעמע „צוריקער אַ היים", אָנגעשריבן אין יאָר 1898.

שטאָט אָנגעלאָדן מיִט סאָציאַלע אידֵייען. אַף א ריין יידעשלעכן אויפֿן זאָגט ער אָן דער ״אָרעמער גאַס״, אַז די, וואָס זיינען ביז איצט געווען גאָרנישט, וועלן באַלד ווערן די אויבערשטע פֿון שטויסל.

טרייסט זיך, שניידער, טרייסט זיך שוסטער,
וואַרט נאָר איבער איצט די ווייען,
ניט נאָר שישי—ס׳קומט די צייט באַלד
און איר אַלע וועט זיין קויהען. (ד. 196).

אָבער די אויבנדערמאָנטע געפֿאַרן ווייזן זיך אויך דאָ אַרויס. קיין נייע בליטן, קיין נייע מענטשן זעט דער דיכטער אין שטעטל ניט. ערשט אין אַ צווייטער ליד „פֿון מיין שטעטל״ (ס׳מאַכט אַן איינדרוק, ווי צוגעגעבן, עפּשער נאָך אַ פֿאָרוואָרף פֿון אַ ראַדיקאַלן לייענער) דערציילט דער דיכטער וועגן נייע מענטשן אין שטעטל. ער קומט אַריין אין קלויז, ס׳איז טויט און שטום... ס׳הערן זיך מער ניט די זיסע טרעלן פֿון דעם קלעצקער, פֿון דעם בעלזער... „אַך, ווי באַנג אין קלויז דאָס שטומען״! און דער אַלטער שאַמעס דערציילט אים, אַז די קלעצקער און די בעלזער האָבן שוין לאַנג כאַסענע געהאַט.

וואָגלען, פּלאָגן זיך אין גאָלעס,
אין דעם לאַנגן אין דעם וויסטן.
און די קלעצקערס, בעלזערס קינדער
זיינען, רופט מען עס, בונדיסטן... (ד. 200

ער ראַט אים גיין אַף דער בירזשע, דאָרט וועט ער זיי טרעפֿן—

טראָגן אַלע רויטע העמדלעך
שווער פֿאַר יידן זיי דערקאָנען,
און פֿאַרווילט זיך זיי נאָר פּלוצלונג—
לאָזט מען זיך אין גאַס מיט פֿאָנען... (ד. 201

„עפּעס לערנען זיי דאָרט אויכעט, זאָגט דער אַלטער שאַמעס, נאָר בעסאָד אַלץ אָן אַ ניגן״...

צי האָט רייזין ניט אויסגעדריקט קיין באַשטימטן מיטפּיל אין דידאָזיקע ווערטער?... ס׳דערמאָנט אָן טעוויע דעם מילכיקנס באַציִונג צו פּעפּערלען.

## 7. גילגולים פֿון צוזאַמענשלוס.

קערנדלעך פֿון נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם האָבן מיר שוין געזען אין דער ערשטער טקופֿע פֿון דער רייזענישער לירִיק, אין דער טקופֿע פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. די פֿרוכטן זיינע זיינען געקומען ערשט שפּעטער, ווען פֿון רייזינס דיכטונג האָט זיך אָפּגעטאָן אַף אַ ביסל צייט די רעוואָלוציאָנערע שכינע אין דער טקופֿע פֿון רעאַקציע, אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, בירגער-קריג. אָנשטאָט „אַ גייער הויז״ האָט דער דיכטער דעמלט רעסטאַווּירט די „אַלטע סוקע״ און דריקט אויס זיין גלויבן, אַז אונדזער סוקע וועט אייביק שטיין.

ניט זעלטן זיי קומען
די ווינטן און ברומען,
דאָך שטייט אונדזער סוקע שוין לאַנג! *).

*) נייע ווערק. צווייטער בוך. לידער. וואַרשע 1911 ז. 95.

דער דיִכטער, וואָס האָט נעטרוימט וועגן אַ צייַט פוּן ליבע און שאָלעם, פאַרייניקט זיך צום לאָזונג „שפויך כאַמאָסכאָ אַל האַגאָיִם" (ד. 101), שרייַבט אַ פּאָעמע וועגן אַ פּאַ־רעטערן, וואָס צום פּרעמדן האָט געגליִט איר ליִבע־פלאַם" און „ווען ס'פאָלק האָט שטיל געקרעכצט פאַר וויי און שפּאָט, האָט זי זיך געקניִט פאַרן סוינעס גאָט" (ד. 103). פון אַלע הייליִקייַטן „איז געבליבן וואָס צו ליִבן" בלויז... די כאַנעקע־ליכטלעך, און דער דיִכטער פאַרענדיקט זייַן נייַע כאַנעקע־ליד מיִט אַזאַ אָפּנהאַרציִקע מעלדונג (רייזין איז אַלעמאָל אָפּנהאַרציִק).

זיִנג מיִר, טאָטע,
באָרוך אַטאָ
און איִך בלייַב דייַן קיִנד (ד. 105).

ענלעכע נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיִשע מאָטיִוון זעען מיִר אויך אין ליִדער־בוך „אָוונט־קלאַנגען" (וויִלנע, פאַרלאַג קלעצקין, 1913, אָפּטייל „פון אייגענעם קוואַל"), אין ליִדער־בוך „דורך פּיִנצטערע טויערן". (ניויאָרק, 1920 ז. ז. 39, 50, 61, 72, 157, 191). אָפּט דערגרייכן די נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטיִשע שטיִמונגען ביִז בוילעטע ערעציִסראָעל־שטיִמונגען (ז. דעמז. בוך ז. ז. 57, 58, 175, 176, 177, 180).

אויך די איִבעריקע עלעמענטן פון צוזאַמענשלוס האָבן אין דער דערמאָנטער טקופע איִבערגעלעבט אַ פאַרוואַנדלונג. דער געזונטער נאַטיִרלעכער לעבנסדראַנג און לעבנסלוסט פון דער פאָלקסמאַסע און פאָלקאיִנטעליִגענץ ווערט פאַרוואַנדלט אין אַן איִנדיִוויִדואַליִסטיִש־באַהעמיִשן ניִטגעדאַיגעט־מאָטיִוו.

פורמאַן, פורמאַן זאָלסט מיִך טראָגן,
פרעגסט, וווּהיִן—איך קען ניִט זאָגן.
ביִז איך וועל מייַן וועג באַקלערן,
קען דער שניי צוגאַנגען ווערן...**)

דער לעבעדיִק־קאָנקרעטער עלנט־און אומעט־מאָטיִוו ווערט מעגוּלגל אין אַ איִנטעליִ־גענטיִש־וועלט־שמערצלעריִשן האַוויל־האַוואָליִם־מאָטיִוו, וואָס עס ווייט פון איִם מיִט סעגאַ־לאָוויִשיִשער נודנעקייַט (זע „דורך פּיִנצטערע טויערן" ז. 91, 92, 93, 103, 109, 118, 119, 208, ווי אויך פיִל ליִדער איִן די בענד. „נייַע ווערק", „אָוונט־קלאַנגען").

די אָפּוועזנהייַט פון אַ פעסטער פּראָלעטאַריִשער וועלטאָנשויונג נעמט אָפּ באַ דער רייזעניִשער ליִריִק איִר באַשיידן־פּיִרעריִשע ראָל, מאַכט זי פּאַסיִוו און וויִלנלאָז און אונ־טערגעוואָרפן צו יעדער אויסערלעכער האַשפּאָע פון דער רוסיִשער רעוואָלוציע ביִז דער באַלפור־דעקלאַראַציע. רייזין אַליין איִז זיִך איִן דעם מוידע.

איִך שפּיל אייַך ניִט דעם גרויסן מאַן,
ווי די באַקאַנטע שפּיִלער.
איִך בין אַליין דאָס פּובליִקום,
און אָפּטמאָל גאָר נאָך שטיִלער... („דורך פּיִנצטערע טויערן" ז. 43).

ער האָט קיינמאָל, זאָגט ער, קייַן נאָווי ניִט געשפּיִלט, און גאָרניִשט קיינמאָל פאַר־

*) די ערעציִסראָעל־ליִדער זייַנען פאַר רייזינען ניִט כאַראַקטעריִסטיִש. מער כאַראַקטעריִסטיִש פאַר איִם איִז דער ייִדיִשער הימן „איִן די ווייַטסטע ווייַטן", ווו עס ווערט פּראָקלאַמיִרט די גרויסקייַט פון וועלטביִרגעריִשן נאַ־ציאָנאַל־ייִדן. (זע באַסיִנס אַנטאָלאָגיע „500 יאָר ייִד. פּאָעזיע" ב. 2, ז. 113).

**) זע 1 באַנד געזאַמלטע ליִדער וואַרשע 1908 ז. ז. 49, 59, 87, 94, 131, 277, 288 פיִל ליִדער פון די בענד „אָוונט־קלאַנגען", „נייע ליִדער".

שפּראָכן (גאָרנִישט קיינמאָל—אִיז ניט רִיכטִיק). אופריכטִיק רייזינִיש אִיז ער זִיך מוידע, אַז ער האָט אַליין געזִינדִיקט און דערִיבער פּאַסט אים קײַן מוסער נִיט זאָגן...

אוּן ווען דִי וועלט פֿאַרגאָסן אִיז
מִיט בלוּט אוּן רויטע פֿלאַמען,
בִין אִיך פֿאַרווִירט אַזוי, ווִי אִיר,
אוּן וואַרט מִיט אײַך צוּזאַמען... (ד. 43).

און אִין אַנדער לִיד:

מײַן אָרעם פֿאָלק יִיסראָעל, אִיך קאָן דִיר גאָרנִישט זאָגן,
אִיצט, אִין דער ערגסטער פֿוּן דער מענטשהײַטס צײַט:
אִיך קאָן נִיט קוּקן, ווִי יעשאַיע, אַזוי ווײַס,
אוּן כ'קאָן, ווִי יִירמעיע, אַזוי נִיט קלאָגן. (ד. 54).

דער דִיכטער אִיז דערוּם „צוּגאַסט” אַלעמאָל, אָט באַם נעכטן, אָט באַם מאָרגן, נאָר מִיטן נעכטן ווערט אִים טרויערִיק נִיט גוּט, און באַם מאָרגן פֿאַלט אַף אִים אָן אַ שרעק: „ווער קען ווִיסן ווער דאָרט וואָינט, ווער קען ווִיסן צִי עס לוינט”, אִיז פֿאַראַן דערִיבער איין אויסוועג.

בִין אִיך מויכל מאָרגנס גלִיק
און אִיך לויף צוּם הײַנט צוּרִיק...
ווער אִיך פֿריילעך, ווער אִיך קלוּג—
ווערט דער הײַנט מִיר גוּט גענוּג. (ד. 102)

דִי פּראָלעטאַרִישע וועלטאָנשויוּנג באַזירט זִיך אָבער ווײַט נִיט אָפּן הײַנט...
דאָס אַלץ וואָלט מען עפּשער אִיצט, ווען רייזִין אִיז געוואָרן אִינגאַנצן אַן אוּנדזע-רִיקער, נִיט געדאַרפֿט דערמאַנען, אָבער עס קען דִינען פֿאַר זייער אַ בוילעטן הִיסטאָרִישן מוּסער-האַסקל פֿאַר אוּנדזערע יוּנגער פּראָלעטאַרִישער דִיכטוּנג, ווִי אַ געזוּנטער, רעוואָ-לוּציאָנער-פֿאָלקִיסטִישער מאַסן-דִיכטער קען פֿאַרבלאָנדזשעט ווערן, ווען ער לאָזט אַרויס פֿוּן זײַנע הענט דעם רעוואָלוּציאָנערן קאָמפּאַס, ווען ער גייט אָפּ פֿוּן פּראָלעטאַרִישער ווִירקוּנג און אָנפֿירוּנג, ווען ער האָט נִיט קײַן פֿעסטע קאָמוּנִיסטִישע וועלטאָנשויוּנג.

רייזִין אַליין, „דער זוּן פֿוּן וואָך”, ווִי ער רוּפֿט זִיך אַליין אָן (זע „אוּנט-קלאַנגען” ז. 71), האָט גאַנץ גִיך פֿאַרשטאַנען דִי גאַנצע נִישטִיקײַט און אוּמפּרוּכטבאַרקײַט פֿוּן אִידיי-ענלאָזִיקע אוּמוואַרפֿן זִיך אַהִין, אַהער (זע „דוּרך פֿינצטערע טויערן” ז. 172). מִיט זײַן גע-זוּנטן מאַסן-אִינסטִינקט האָט ער דערפֿילט, אַז זײַן הייס-געלִיבטע „אָרעמע גאַס”, וואָס דִי טִיפֿע לִיבשאַפֿט צוּ אִיר האָט ער פֿאַרהִיט אִין מעשעך פֿוּן זײַן גאַנצן דִיכטערִישן לעבן-וועג, קען אוּן וועט אויסגעלייזט ווערן בלויז פֿוּן דעם קלאַס, וואָס האָט געמאַכט דִי אָק-טיאַבער-רעוואָלוּציע. און דער שטענדִיק-אופריכטִיקער רייזִין האָט געמאַכט דעם לעצטן שריט—זִיך אָנגעשלאָסן אָן דער קאָמוּנִיסטִישער באַוועגוּנג, אַוועק פֿוּן דעם רײַכן „פֿאָרווערטס” צוּ דער אָרעמער „פֿרײַהײַט”.

דִידאָזִיקע נײַע, אִיצט שוין קאָמוּנִיסטִישע, באַפּרוּכפּערוּנג פֿוּן דעם צוּזאַמענשלוּס צווִישן דער פֿאָלקִיסטִישער אִינטעלִיגענץ און דער „אָרעמער גאַס” האָט שוין געבראַכט פֿאַר דער רייזִינִישער דִיכטוּנג גרויסע פּאָזִיטִיווע רעזוּלטאַטן. זִי אִיז ווִידעראַמאָל באַנײַט געוואָרן מִיט מאָטִיוון מוּנטערע און רעוואָלוּציאָנעדע, וואָס העלפֿן מִיט אוּנדזער סאָציאַ-לִיסטִישער לעבנבויוּנג און דער דערוואַכוּנג פֿוּן רעוואָלוּציאָנערן באַוווּסטזײַן באַ דִי יִידִישע אַרבעטנדִיקע מאַסן פֿוּן גאָר דער וועלט.

# 8. אייניקע סאַכאַקלען.

א. אין רייזינס דיכטונג איז געקומען צום אויסדרוק אַ טיפער און ארגאַנישער צו-זאַמענשלוס צווישן דער „אָרעמער גאַס” און דער פאָלקיסטישער אינטעליגענץ, זייער פאַר-האַלטענער און אונטערגעדריקטער לעבן-דראנג, וואָס האָט ניט געקענט פאַרווירקלעכט ווערן אין די קאַפּיטאַליסטישע באַדינגונגען. זייערע געדריקטע עלנט-און איינזאַמקייט-שטימונגען, וואָס זיינען געקומען אַלס רעזולטאַט דערפון.

ב. דערדאָזיקער פאלקיסטישער צוזאַמענשלוס, פאָרקומענדיק אין אַ טקופע פון סאָציאַל-רעוואָלוציאָנערן קאַמף (טקופע פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע), איז באַפרוכפּערט געוואָרן פון סאָציאַל-רעוואַלוציאָנערע אידעאַלן און געגעבן גרויסע פּאָזיטיווע רעזולטאַטן. די דערשלאָגענע עלנט-און איינזאמקייט-מאָטיוון ווערן סאָציאַל באלויכטן און דערהויבן און פילן אויס אַ גרויסע רעוואָלוציאָנער-געזעלשאַפטלעכע פונקציע. רייזין שאַפט אויך אַ ריי דירעקט-רעוואָלוציאָנערע לידער, וואָס העלפן מיט דעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף. אָבער די סאָציאַלע אידעאַלן רייזינס זיינען ראָמאנטיש-פאציפיסטישע אידעאַלן פון עמעס, ליבע און שאָלעם. פאַר דער עמעס-רעוואָלוציאנערער ווירקלעכקייט, פאַרן גרויסן שטורעם שרעקט זיך דער דיכטער. דאָס איז דער שרעק און צווייפל פון די סאָציאַלע שיכטן, וואָס זייערע שטימונגען האָט רייזין איז זיינע לידער אויסגעדריקט.

ג. רייזין איז אַף אַזאַ אויפן ניט קיין גרונטלייגער פון דער פראָלעטאַרישער דיכטונג, ווי אַנדערע מיינען, נאָר דער רעוואָלוציאָנער-פאלקיסטישער פאָרגייער אירער. אין איר צייט האָט די רייזינישע דיכטונג אַ גרויסע פראָגרעסיוו-סאָציאַלע ראָל, וועקנדיק דעם לעבן-גע-פיל פון דער „אָרעמער גאַס”, פון דער דערשלאָגענער פאָלק-אינטעליגענץ, באהעפטנדיק זיי אָן דער אויפשטייגנדיקער רעוואָלוציאָנער באוועגונג. זי האָט אויך געווירקט רעוואָלוציאני-זירנדיק אַף דעם אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטער, וואָס האָט געטראָגן אין זיין האַרצן אַ נאַ-טירלעכן און אָרגאַנישן מיטפיל צו „די געיאָגטע און געפראָגטע פאָלק-מאַסן, מיט וועלכע ער איז געקניפּט און געבונדן” *)

ד. אין דער רעוואָלוציאָנער-פאלקיסטישער רייזינישער דיכטונג איז שוין פון אָנהויב אָן געווען פאַרבאהאַלטן געפאַרן פון נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיזם, באַזונדערס האָבן זיך די דאָזיקע געפאַרן אַרויסגעוויזן אין דער טקופע פון רעאַקציע, וועלט-מילכאָמע און בירגער-קריג, ווען פון רייזינס דיכטונג האָט זיך אָפּגעטאָן די רעוואָלוציאָנערע האַשפּאָע פון פּראָלעטאַריאַט. זי באַפרייט זיך פון די דאָזיקע געפאַרן ערשט דעמלט, ווען זי באַהעפט זיך אַף אן אנט-שיידנדיקן אויפן צו דער רעוואָלוציאָנער-קאָמוניסטישער באַוועגונג. זי ווערט אויך דעמלט ד י כ ט ע ר י ש א ו פ ג ע ל ב ט א ו ן ב אַ פ ר י ש ט.

ה. דער אַנטוויקלונ-וועג פון דער רייזינישער ליריק קען און דאַרף דינען פאַר אונד-זער אופקומענדיקער פראָלעטאַרישער ליריק אַלס אַ בוילעטע היסטאָרישע לעקציע, ווי אַזוי דאָס אויסדריקן די אינטערעסן און שטימונגען פון דער „אָרעמער גאַס” קען. בא דער אָפּ-וועזנהייט פון אַ פעסטער פּראָלעטאַרישער וועלטאָנשויונג, מעגולגל ווערן אין שעדלעכן נאַציאנאַל-דעמאקראטיזם, ווי אַזוי אַ געזונטער און נאַטירלעכער לעבן-דראנג קען פאַר-וואנדלט ווערן אין אַ קליינלעכן באָהעמישן אינדיווידואַליזם און אַ סאָציאַל-קאָנקרעטער עלנט-און איינזאמקייט-געפיל.

פון רייזינס דיכטערישן וועג האָבן זיך אונדזערע יונגע אַסאַך וואָס צו לערנען.

---

*) זע מ. ליטוואקאָוו „אין אומרו” II, ז. 210.

שיפרעס.

# וועגן ד. בערגעלסאָנס „מידאס האדין“.

1

ד. בערגעלסאָן האָט אונדז געגעבן אַ נײַ בוך—אַ צווייט בוך פֿון דער רעוואָלוציע. אין „מידאַס האַדין“ זײַנען געגעבן געוואָרן שאַרפֿע קאָנטורן פֿון רעוואָלוציע. בערגעלסאָן האָט אינם דאָזיקן בוך פֿאַרמאָלט אַ גרויסע שטיק פֿון דעם סאמע העלסטן, פֿלאַמיקסטן און רײַכסטן פעריאָד אינם קאמף פֿאַר אָקטיאבער-רעוואָלוציע, בירגער-קריג. און קלאָר, אַז דאָס אָפּטאָן האָט בערגעלסאָן—דער שעפֿער פֿון „נאָך אַלעמען“ און „אָפּגאַנג“, דער שעפֿער פֿון גאָר אַן אַנדער עפּאָכע—געקענט דערווײַל בלויז אין שאַרפֿע ליניעס, אין הויפט-צייכענונגען.

בערגעלסאָן מאָלט א גרויסע און גרויזאַמע צײַט, אָבער ער נעמט ניט קיין גרויסע שטאָכים, ער שילדערט ניט קיין מאַסן-באַוועגונג, ער גיט ניט קיין סאָציאַלע אויפֿברוכן אין זייער גרויסן פֿאַרנעם און האַסטיקן גאַנג. ער נעמט אַ שטעטל באַם גרענעץ, אַ פּאָר דערפֿלעך. ער מאָלט איינציקע רעוואָלוציאָנערן, אַ גרעסערע און מער קינסטלעריש-געצייכנטע גרופּע עסערן, קאָנטראבאַנדיסטן און ווײַסגוואַרדייער—„פֿאַרורטיילטע“, „איבעריקע מענטשן“.

בערגעלסאָנס פּראָבלעם אינם דאָזיקן בוך איז אויסגעשעפּט אינם נאָמען—„מידאַס האַדין“. עס קעמפֿן סאָציאַלע שיכטן, קלאַסן קומען אין צוזאַמענשטויס און דער גאַנג פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן נויט איין קלאַס אָפּצוטרעטן, קעדיי לאָזן אָרט פֿאַר אַ נײַעם קלאַס. אין אַזאַ קאַמף איז דאָ איין „מאָס“—„מידאַס האַדין“—גרויזאמער געזעץ. דער קאמף צווישן די דאָזיקע קלאַסן איז דורך דער געשיכטע אַ פֿאָרויסבאַשטימטער. אין דעם העפֿטיקן קאַמף מוז איינער אונטערגיין—דער בורזשואַז-פּאַראַזיטישער קלאַס מוז אָפּטרעטן זײַן אָרט דער רעוואָלוציע, וועלכע ווערט געפֿירט אין נאָמען פֿון אַרבעטער-קלאַס. אָט דאָס איז די סכעמע פֿון „מידאַס האַדין“.

די דאָזיקע אידייע איז ניט געלונגען געשטעלט דורך בערגעלסאָנען. צו מעטאַפֿיזיש האָט בערגעלסאָן זי גענומען. ער האָט אָנגעטאָן אַ פּוסטע אַבסטראַקציע אַפֿן לעבעדיקן לעבן. די דיאַלעקטיק פֿון „געזעץ“, וועלכער, דער געזעץ, ווערט פֿאַרווירקלעכט דורך מענטשן, וואָס אין זייער פּראַקטיק ווערן די „דינים“ אין יעדער פֿאַל באַזונדער צוועקמעסיק צוגעפּאַסט צו די צילן פֿון רעוואָלוציע, איז דורכן קינסטלער ניט באַגריפֿן געוואָרן. פֿילאָסאָפֿיש טויט איז אויך אַ מין „מידאַס האַדין“—אַ גאָרניט באַרעכטיקטער טויט, גאָרניט קיין נויטיקער און אַפֿילע אומזיניקער אין די באַדינגונגען, אין וועלכע בערגעלסאָן האָט אַוועקגעשטעלט דעם קאָמיסאַר פֿיליפּאָו. אַ טשיקאווע זאַך: דיכטעריש איז בערגעלסאָנען דיקטירט געוואָרן אַ מער דיאַלעקטישער צוגאַנג—אַ צוגאַנג, וואָס האָט איינציקער מאַסן אָפּגעשטויסן אָן אַ זײַט זײַן באַוווסטזיניקע אײַנשטעלונג אף אַבסטראַקטער „מידאַס האַדין“. דערפֿאַר וואָס בערגעלסאָן דער דיכטער האָט ניט אלע מאָל אין געגעבענעם פֿאַל געפֿאָלגט בערגעלסאָנען דעם אידייען-פֿאָרמולירער, האט זיך באַקומען, אַז אין אַסאַך ערטער פֿון בוך איז דאָך קענטיק די דיאַלעקטיק פֿון דער רעוואָלוציע אין איר „מישפּעט“ איבער פֿאַרשיידענע פֿאָרשטייער פֿון פֿארשיידענע סאָציאַלע גרופּן. די

בלאָנדע ווײַסגוואַרדײיקע, די סאָכרים-ספּעקולאַנטן, די פֿאַרביסענע עסערן—פֿאַר זיי איז טאַקע צוגעגרייט אַ קויל און פֿיליפּאָווס האַנט שרײַבט די האַרבע ווערטער פֿונם טויט-אורטייל. דאָ איז „מידאַס האַדין"—אָן ראַכמאָנעס, אָבער באַם זעלבן פֿיליפּאָוו איז דאָ אַן אַנדער „מאָס" פֿון געזעץ פֿאַר שמועל וואַלצעס—דעם איצטיקן קאָנטראַבאַנדיסט, אָבער דעם געוועזענעם האָרעפּאַשניק (ווי בערגעלסאָן דערציילט וועגן אים), וואָס איז אין טאָך ניט קיין ווײַטער פֿאָלקס-מענטש און ניש קיין סוינע פֿון דער נײַער מאַכט; באַם זעלבן פֿיליפּאָוו איז דאָ אַן אַנדער „מאָס" פֿון שטראָף פֿאַר אַ יווזי ספּיוואַק—אַן עסער, וואָס איז אַליין זיכער, אַז אים קומט אַ קויל, וועלכער איז אָבער אַ נאַיוו-פֿאַרפֿירטער און אים שוינט דערייבער דער נאַטשאַלניק; אָט דער פּינקע ווייל—אָט דער רויטעראַרמייער קאָמוניסט, וואָס האָט אין זײַן נאַיוויקייט זיך באַנאַרישט און געלאָזט זיך אײַנריידן פֿון די קרעמערישע עלטערן צו אַריבערשמוגלען עפּעס איבערן גרעניץ—ער בלײַבט גאָר אין שטאַביש אָטריאַד און דינט ווײַטער, ווי אַ רויטער זעלנער. ניט „מידאַס האַדין" ווי אַ בלינדע, פֿאַטאַלע, אומדערבאַרימדיקע קראַפֿט—נאָר רעוואָלוציאָנערע געזעצלעכקייט און צוועקמעסיקייט—צוועקמעסיקייט פֿון דער רעוואָלוציע. האָט דער קינסטלער אין בערגעלסאָנען אָנגעטאַפּט די דראַזיקע ריכטיקע לײַטנדיקע מאָטיוון אין דעם „מישפּעט", וואָס די רעוואָלוציע האָט אַרויסגעטראָגן איבער קלאַסן-סאָנים—באַוווסטזיניקע און אומבאַוווסטזיניקע—אומוויסנדיקע קעגנער.

איז אָט באַם שײַן פֿון אַזאַ **קינסטלערישן** אופֿאַסן די פּראָבלעם איז אינגאַנצן ווידערשפּרעכלעך און דעריבער שוין אויך אַנטיקינסטלעריש די „מידאַס האַדין" פּראָבלעם אין איר אַנטפּלעקונג אין דעם פֿאַל מיט דעם נאַטשאַלניק פֿיליפּאָווס טויט: פֿיליפּאָוו גייט אַליין דעם סוינע אין האַנט אַרײַן, קעדיי דורך דעם אויספֿילן עפּעס אַ מין מוזאַף, פּונקט ווי עס וואָלט אינדערעמעסן געוועזן אומבאַדינגט נויטיק, אַז קעדיי אופֿהייבן זײַנע רויטאַרמייער און די דאָרפֿישע אָרעמקייט קעגן די באַנדיטן פּאַרטיזאַנער זאָל ער, פֿיליפּאָוו, אַוועקלייגן זײַן קאָפּ. „פֿאַרפֿאַלן—טראַכט פֿיליפּאָוו באַ בערגעלסאָנען—ווען מען ברענגט אים (פֿיליפּאָוון—ש.) איצט קײַן קאַמינאָבאַלקע אַ געהאַרגעטן דורך די באַנדיטן, וואָלטן אַלע דאָרט אופֿגעברויזט און וואָלטן אַרויסגעטראָטן אַנטקעגן מאָשנע... ער האָט... מיט אַלע דרעמלדיקע געפֿילן געפֿילט, אַז די זאַך, וועלכע ער דינט, פֿאָדערט עס. פֿאַר אים זײַנען איצט מעגלעך דיזעלבע לײַדן און דערזעלבער טויט... און ניט צו העלפֿן—אַזוי איז אויסגעפֿאַלן". ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג—„אַזוי איז אויסגעפֿאַלן". ניט שוין איז קינסטלעריש אומבאַדינגט אַזאַ אויסוועג, קעדיי צו דערמונטערן די רעוואָלוציאָנערע אַקטיווע קרעפֿטן? ניט שוין איז דער איינציקער אויסוועג ליקווידירן דעם קאָפּ פֿון דער רעוואָלוציע, ניט שוין איז שוין ניט מעגלעך,—אויב דאָס איז שוין אומבאַדינגט פֿאַרן שרײַבערס פּלענער, פֿיליפּאָוון אומברענגען פֿאַר דער זאַך פֿון רעוואָלוציע אַף אַן אַנדער אויפֿן און ניט אַזוי אומזיניק? בערגעלסאָן וואָלט עס געקענט טאָן, נאָר אין דעמדאָזיקן פֿאַל איז בערגעלסאָן דער קינסטלער נעגאַנגען אַף אַ ניט דערלאָזבאַרע פּשאָרע מיט בערגעלסאָנען דעם מעטאַפֿיזישן דענקער.

אין דעם פֿאַל זעען מיר, ווי אַ שעדלעכע מעטאַפֿיזיש-אידעאַליסטישע אידייע האָט אַוועקגעלייגט אַ פּגימע אַף קונסטווערק פֿון דער רעוואָלוציע. און דאָ איז דער גרעסטער בלויז פֿונם בוך.

קײַן איין קלאַס אין דער געשיכטע האָט נאָך ניט אָנגענומען פֿאַר גוט זײַן אונטערגאַנג, ער האָט שטענדיק געקעמפֿט פֿאַר עקזיסטענץ. אַ גאַנצער קלאַס קען פֿון דעם ניט אָפּטרעטן. און באַ בערגלסאָנען באַקומט זיך, אַז די נעגאַטיווע טיפּן זיינע, וואָס דאַרפֿן אונטערפֿאַלן „מידאַס האַדין", גייען אַרום מיטן שטעמפּל פֿון פֿאַרמישפּעטע, אָט וואָס פֿאַר אַ געפֿיל באַ זיי איז דאָ:

„אָט באַווײַזן זיך דאָרט זייער הויך די ערשטע אָנגעצונדענע פֿײַערלעך, און אויך זיי זײַנען ניט קיין פּאָשעטע; זיי זײַנען קאַלטע פֿײַערן פֿון מידאַס האַדין, פֿײַן

ערלעך איבער וועלכע עס איז באַלעבאָס „ער“, פילִיפּאָוו, אַן אַרבעטער פון שאַכטעס—זיי זײַנען פֿײַערן פון עפּעס אַ מאָדנער שטרענגער וועלט“. (77).

דעריבער איז דאָס ניט קיין געפיל פון אַ קעמפערישן קלאַס, דאָס איז נאָר אויסדריק פון אינטעליגענטישער אָפּגעריסנקייט און אינטעליגענטישער ראַציאָנאַליסטיש-מעטאַפיזישער איינגעגלויבטקייט אין דער אידייע פון „מידאַס האַדין“.

„עס פינקלען דאָרט נאָך פון באַנאַכט אָן די ניט-אויסגעלאָשענע פֿײַערלעך, און אויך אָט די פֿײַערלעך, דאַכט זיך, זײַנען קאַלטע, שטילע, אָן אַ האָנען-קריי—פֿײַערן, וואָס לײַכטן אַרײַן מיט באַנאַכטיקן „מידאַס האַדין“ אין גרוי-ווערנדיקן טאָג“. (166).

אויב אַזוי איז זייער נאַטירלעך יוזי ספּיוואַקס אינערלעכער ווידוי:

„ווען אַ ריינע האַנט זאָל וועלן לײַטערן די וועלט, וואָלט זי ווירקלעך געדאַרפט אויסראַמען אָט דעם גאַנצן ברוד, דאָ אין צימער, צוזאַמען מיט אים, דעם דרעמלענדיקן יוזין“. (117)

ווען בערגלסאָן וואָלט געקענט בלײַבן אָן אַ זײַט אָט פון דער טראַכטעניש, ווען אים וואָלט ניט באַהערשט דערדאָזיקער אינטעליגענטישער רעפלעקס פון זעלבסטפאַרורטיילונג, וואָלט דעמלט מידאַס-האַדין ניט געקענט שוין זײַן קיין צענטראַלע פּראָבלעם פאַר אַ בוך פון דער רעוואָלוציע. און—אייגנטלעך: בערגלסאָן האָט בלויז פאַרטראַכט די „מידאַס-האַדין“-אידייע, אָבער ער האָט זי ניט געקענט פאַרווירקלעכן אין בוך, ווײַל קינסטלעריש האָט ער זיך ניט געקענט און ניט געטאָרט איזאָלירן פון אָביעקטיוון לעבן-גאַנג.

2

בערגעלסאָן האָט שוין אין זײַנע ביזרעוואָלוציאָנערע ווערק געגעבן צו פילן אָפּגעדיפערענצירטע סאָציאַלע שיכטן-קלאַסן. דאָס האָט שוין אַמאָל פאַרצייכנט מ. ליטוואַקאָוו. און לויט די לעצטע בערגעלסאָנס ווערק ערעוו און אין אָנהויב פון אונדזער רעוואָלוציע האָט זיך געלאָזט אָנמערקן אַזאַ מין טענדענץ: בערגעלסאָן קלײַבט זיך אופהויבן זיך פונם קליינשטעטלדיקן סויכער און מענאַכעם מענדל, פון דער „קליינשטעטלדיקע טראַגעדיע“—צו די גרויסשטאָטישע באַנקירן, צום גויאיש הויז, צו דער יידישער גאָלדענער יוגנט (אין „פאַרטונקלטע צײַטן“). אַ ליניע, אַף אַזאַ אויפן, צום העכערן, בורזשואַזן קלאַס, אים צו מאָלן.

אָבער אָט די־דאָזיקע ליניע האָט זיך איבערגעבראָכן באַ בערגעלסאָנען, און די לעצטע ווערק, דערשינען פאַר די לעצטע יאָרן, גייען גאָר אונטער אַן אַנדער צייכן: אַ נײַער סאָציאַלער שיכט האָט זיך באַוויזן באַ בערגעלסאָנען—עס האָבן זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג האָרעפּאַשניקעס, אַרבעטער, רעוואָלוציאָנערן, אַפילע די נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע גרעניצן זײַנען געבראָכן געוואָרן—די פילִיפּאָווס, באָטשקאָס, זאַזולעס און אַנד. האָבן דערקלערט זייער רעכט אַף עקזיסטענץ אין בערגלסאָנס פּערסאָנאַזש. אָט די־דאָזיקע זייער דערפרייענדיקע פאָרויסשריטן בערגעלסאָנס זײַנען נאָך אָבער ניט דאָס סאַמע וויכטיקסטע. דעריקער נײַס אין בערגלסאָנס איצטיקן שאַפן איז אין דעם, וואָס ער האָט דערפילט סאָציאַלע ק אָ נ פ ל י ק ט ן, געזעלשאַפטלעכע צ ו ז אַ מ ע נ ש ט ו י ס ן, וואָס ער שטרענגט זיך אָן זיי צו באַנעמען.

פאַראַן אין „מידאַס האַדין“ אַ בילדל, ווי אַזוי אין אַ גרעניץ-שטעטל, וווּ עס איז נאָך ניט איינגעשטילט דער בירגער-קריג און די ראַטנמאַכט איז נאָך רוי און ניט זיכער, ווערט אַוועקגענומען אַ גויאיש הויז פאַר אַ קלוב.

„גאַליכאָווקע איז פאַרשטאָרבן געוואָרן און זיך אײַנגעקוקט אין די געעפנטע קלוב-פענצטער, דורך וועלכע מען זעט אַסאַך, אַסאַך אָנטפלעקטע קעפּ, זיך אײַנגעהערט פון ווײַטן אינם געזאַנג,—אַ פרעמדער געזאַנג, אַן אַפּיקאָרסיש זיכערער, ניט אַזאַ שטאַרקער, ווי האַרטנעקיק-פאַראַקשנטער און פראַנק-פרײַער,—פון אָפענע פענצטער קומט ער.

אונטער דער באַגלייטונג פֿון אָט דעם געזאַנג האָט כײַקל בערעזאָווסקי מיט גרויס בענקשאַפֿט זיך דערמאָנט, אַז ער איז געווען אַ גוויר, ער האָט געהאַט אָט די שטוב, די זעגמיל, דעם וואַלד צווישן בראָזשע און פּידוועסקאָ—ער איז געווען אַ מוצלעך, און מען פֿלעגט אים נאָכזאָגן אַ גלײַכוואָרט. וואָס שטאַרקער דער געזאַנג אין די ברייט פֿאַנאַנדערגעעפֿנטע פֿענצטער איז געוואַקסן, אַלץ מער האָט די בענקשאַפֿט געזונגען אונטערן לעפֿעלע און צוזאַמען מיט איר איז געוואַקסן אין אים דער ווונדער און דער פֿאַרדרוס, וואָס קיינעם פֿון די אַרומיקע אַרט עס ניט:

— זע נאָר?!.., קיינער שטעלט זיך אַפֿילו ניט אײַן...

-- זע נאָר?!... מען האָט נאָך דערפֿון די האַנאָע..." (ז. 225).

אין אָט דעם בילדל האָט בערגעלסאָן דורך דער פּריזמע פֿון דעם יאָרדישן בערעזאָווסקי אנטפּלעקט ניט נאָר זיין, בערעזאָווסקיס, אייגענעם טאָך, נאָר דעם ס אָ צ י אַ ל ן ק אָ נ פֿ ל י ק ט, וואָס האָט געפֿירט צו בערעזאָווסקיס יערידע. און כאָטש דער צווייטער צאַד—אָט די, וואָס האָבן „די שטוב, דעם וואַלד, די זעג-מיל"—אָפּגענומען בײַ די בערעזאָווסקיס—כאָטש זיי, זאָגן מיר, זײַנען נאָך דאָ ניט מער געשילדערט, ווי מיט דעם קאַרגן ניט דיפֿערענצירטן בילד פֿון „אַנטפּלעקטע קעפּ", כאָטש אין דימיען פֿונם שרײַבער איז בוילעט מער ניט דער גוויר בערעזאָווסקי, אַן אַלטער באַקאַנטער אין בערגעלסאָנס פֿערסאָנאַזש, וואָס האָט באַקומען אַ מאַפּאָלע אין דער רעוואָלוציע,—ניט געקוקט אַף דעם איז אָבער דאָך קאָנטיק אַפֿילע אָט פֿון דעם בילדל, אַז בערגעלסאָן האָט דערפֿילט דעם סאָציאַלן קאָנפֿליקט.

דאָ, אין „מידאַס האַדין", זעט מען שוין דײַטלעך, ווי בערגעלסאָן באַגראָבט זײַנע העלדן פֿון „נאָך אַלעמען" און „פֿאַרטונקלטע צײַטן" און זעצט זיך אַפֿילע ניט נאָך זיי קיין שיווע. בערגעלסאָנס פֿיגורן פֿון דער בורזשואַזער גאַלעריי פֿילן שוין גאַנץ דײַטלעך און זעען קלאָר, אַז עס האָט זיך אָפּגעטאָן פֿון זיי די האַצלאָכע, אַז אַ האַרבע מאַמעשעסדיקע קראַפֿט טרייסלט זיי פֿאַרן קאָלנער און שלײַדערט אין אָפּגרונט. בערגעלסאָן וויל זיי ניט סאָציאַל רעאַבּיליטירן. דער אַלטער דאָקטער באַביצקי איז אין „מידאַס האַדין" לעכאַטכילע אַזוי געמאָלט, אַז עס איז באַרעכטיקט זײַן נעבעכדיקע נישטיקײַט—אָט דער דאָקטער וועמעס גרונט-לאָזונג עס איז „בעסער איז, אַז מען זיצט אין שטוב". דאָקטער באַביצקי איז דער אויסדרוק פֿון דעם אין דער רעוואָלוציע איבערגעשראָקענעם און אימפּאָטענט געוואָרענעם אינטעליגענטן קלײנבירגער. צו דער „בלאָנדער" ווײַסגוואַרדייקע, וועלכע ווערט אַזוי אופֿמערקזאַם געצייכנט דורכן שרײַבער, איז אַפֿילע בײַ בערגעלסאָנען ניטאָ קײַן באַרעכטיקונג פֿאַר איר געזונט און זינדיק לײַב. דערפֿאַר שטייט אויף בײַם נײַעם בערגעלסאָנען די פֿיגור פֿון פֿיליפּאָוו—אַ נײַע סאָציאַלע קראַפֿט. אַפֿילע גופֿע אינם מעטאָד פֿון צייכענען פֿיליפּאָוון פֿילט זיך אַן איבערברוך בײַ בערגעלסאָנען, טרעט אָפּ דער אימפּרעסיאָניסטישער נעבל דעם קלאָרן, כאָטש קאַרגן, שטריך:

„דער נאַטשאַלניק איז געווען אַ נײַער, אַ יונג אַ ריזיקער און אַ בייזער, מיט אַ באַנדאַזשירטן האַלדז, ווי פֿון אַ געשוויר, מיט אַ שווערער, הייזעריקלעכער שטימע פֿון אַ מענטשן, וואָס האָט זיך נאָר וואָס געלאָזט אויסרײַסן טיפֿע וואָרצלען פֿון אַ באַק-צאָן. אַז מע האָט בײַ אים עפּעס געבעטן, האָט ער געשוויגן, ניט געקוקט אין פּאָנים אַרײַן, נאָר ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן צו דוכטן, אַז מען האָט שוין בײַ אים געפּועלט, האָט ער פּלוצים אויסגעפּלאַצט זייער שווער און אומצופֿרידן:

— „טשטאָ וו?... שוטיטע?".

אַ צייכענונג אַ קלאָרע, כאָטש ניט קײַן גענוג דורכגעלעבטע אינם קינסטלערישן כוש פֿונם שרײַבער. אָבער דאָ איז צו מערקן שוין, אַז עס פֿעלט זיך בײַ בערגעלסאָנען, דעמלט ווען ער נעמט אַ נײַעם רעוואָלוציע-מענטש, עטוואָס פֿון זײַן אומרויִקער ניט באַשטענדיקײַט

פון זײַן געמיט-פאַרלאָרנקײַט, אַז אַפילע אין סטיל איז פאַראַן אַ גרעסערע פעסטקײַט דאַן, ווען בערגעלסאָן נעמט אַ מער געזונטן סאָציאַלן כאַראַקטער-טיפּ.

דאָס איז שוין, אייגנטלעך, ניט גאָר קײַן נײַע זאַך. דאָס לאָזט זיך שוין שטאַרק מערקן אין זײַן פאָריקן בוך-דערציילונגען „שטורעם-טעג“. אויך דאָרט זײַנען שוין פאַראַן צוויי ליניעס, וואָס גייען פאַראַלעל: פון איין זײַט—אַלטע טיפּן פון „אָפּגאַנג“: מאַנעטשקע פיאַטניצקאיא („צווישן 12 פונקטן“)—אַ שטיק מירעלע, אוגער—אַ פאָרזעצונג פון די „אַרום וואָקאַל“-מענטשן, דער אַלטער גרייוויס („אַלטוואַרג“) א. ד. ג. און—די צווייטע ליניע—נײַע רעוואָלוציע-מענטשן: באַטשקאָ, פיאָדאָר זאַזולי. א. אנד. מיט אוגערן דעם אַרום וואָקאַל-מענטש קאָנקורירט דער רויטאַרמייער פיאָדאָר זאַזולי אַ „קרעפּטיקער יונג, אַ בייזלעך געטרײַער און רויט פאַראַקשנטער“; אינם לעבן פון דעם אַלטן גרייוויס רייסט זיך אַרײַן אַ שטאַרקער ווינט: „מוישע גרייוויס האָט זיך אַ שאָקל געגעבן, געטאָן אַ זיפּץ און האָט זיך פאַרטראַכט וועגן רוסלאַנד און וועגן דעם ווינט, וועלכער האָט דאָרט שוין אַ בלאָז געגעבן. אַ גרויסער און שטאַרקער ווינט... ער וואַרפט פאַנאַנדער בערג און קערט איבער פעלזן“... גרײַוויס בענקט נאָכן אַלטן לעבנשטייגער, נאָכן צווישטאָקיקן מויער, נאָכן קאָוועד פון אַמאָל, נאָך די קראָמען „מיט די אײַזערנע פרענטן“, וואָס האָבן אים אַזוי זיכער, דאַכט זיך, אָפּגעהיט זײַנע רעכטן,—דאָס אַלץ איז אָפּגעטראָטן פאַרן „שטאַרקן ווינט“, וואָס האָט אַ בלאָז געטאָן אַף רוסלאַנד. אין דער דערציילונג „איינעמס אַ וועג“ האָט איר אין אַבען אַ גילגל פון „דעם טויבן“,—אַ רויעם מענטשן, וואָס האָט מיט זײַן סאָציאַלן אינסטינקט אָנגעטאַפּט דעם וועג צו די רויטע פאַרטיזאַנער, ווײַל „ער האָט אַלע יאָר אומזיסט געהאָרעוועט אַף ייכל מוישע דעם באַלעגאָלע און אַף זײַנע פאַרשוינען“ און מער וויל ער ניט, ער בלײַבט אין רויטן פאָלק... הײַנט קומען נאָך צו אין בערגעלסאָנס פערסאָנאַזש אַזעלכע, ווי לייזערקע דער אַלעקסאַנדראָווקער, אַן אופשטענדלער „אַ פעסטער, אַ ברויגער, אַ שלאָסער אונטער ניקאָלאַיעוו אַף אַ זאַוואָד“; אַזעלכע ווי דער פאַרטיזאַן באַטשקאָ, וואָס „בענקט קײַן דאָרעם“—נאָך זײַן געליבטער, אָבער גיין גייט ער „אַף צאָפן“—צו מאָסקווע, ווײַל דאָרט איז זײַן סאָציאַלע סטיכיע—„די רעוואָלוציע רופט“.

אָט די גאַנצע גאַלעריי, דער איבערפלעכט פון טיפּן, די פאַרשײַדנאַרטיקײַט פון סיטואַציע,—דאָס אַלץ, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס באַם געבן נײַע טיפּן און סיטואַציעס פעלט אַמאָל פאַרב און לאָשן,—לאָזט זיך שטאַרק פילן אין בערגעלסאָנס נײַע ביכער.

אַזוי אַרום איז בערגעלסאָן דער קינסטלער ביים אָקטיאַבר-רעוואָלוציע, ניט געבליבן אין קײַן פוסטער אַטמאָספער. ער האָט זיך באַרײַכערט פון דער רעוואָלוציע און זײַנע אָנשטרענגונגען קינסטלעריש אויסצופורימען נײַע מענטשן זײַנען ערנסטע און ערטערווײַז זייער קרעפּטיקע, אַפילע האָפּערדיקע, שמעקן אַפילע אָפּט מיט דער פריידיק-האַרבער לופט פון רעוואָלוציאָנערן אַקטיוון טאַט; בערגעלסאָנען גיט זיך אַפילע ערטערווײַז איין אַנטבלויזן די פײַערלעכע דערהויבנקײַט, דעם „הויכן גאַנג“ פון שאַרפע רעוואָלוציאָנערע מאָמענטן—אָט זײַנען די אַקאָרד-שורעס פון „מידעס האַדין“, וואָס שילדערן דעם אײַנדרוק פון נאַטשאַלניק פיליפּאָוס טויט;

„איצט דערמאָנט זיך פינקע, אַז עס איז ניט קײַן קאָוועד פאַר פיליפּאָוון—וואָס אין קאַנצעליאַריע, ווו ער ליגט, זײַנען נאָך געבליבן גרויסע ווײַסע שטיקער ווענט.

— גיט אײַערע פאָנען,—זאָגט ער ביז גאָר הייזעריק.

— גיט אַוועק אַלע פאָנען אַף אויסהענגען אַרום אים די ווענט...

פינקע מיינט עס פראָסט, נאָר באַקומען באַקומט זיך—באַ אלע אַרומיקע גייט פון דעם איבער אַ גרויל. מען קוקט, ווי די בלוטן גיסן זיך אים אַרײַן אין פּאָנים און עס דאַכט זיך, אַז ער שרײַט פײַערדיק הייס, מיט ...לע קויכעס:

— גיט אַוועק אַלע פאָנען אַף אויסהענגען אַרום אים די ווענט!!!“

בערגעלסאָן האָט דאָ געגעבן דער יידישער ליטעראַטור אַ קינסטלערישע פיקסאַציע פֿון הויכע גרויליקע מינוטן אינם בירגער-קריג.

ווען עס ברעכן זיך עפּאָכעס און עס ווערן איבערגעשמאָלצן גרויסע סאָציאַלע פלאַסטן, איז אינם דאָזיקן שמעלץ-טאָפּ פֿאַראַן, ווייַזט אויס, גענוג היץ צו איבערגיסן אויך איינציקע גרויסע אינדיווידועלע נאַטורן. בערגעלסאָן איז אַ מוסטער פֿון אַזאַ גילגל. ער גייט צו אונדז!

3

אַף „מידאַס האַדין“ קען מען, הייסט עס, אין א געוויסער מאָס לערנען וועגן גוואַלדיקע איבערברוכן, וואָס די רעוואָלוציע אונדזערע האָט געמאַכט אין דער פסיכיק פֿון אונדזערע שרייַבער און פֿון די מאסן. דער שעפּער פֿון „מירעלע“ און פֿון „טויבן“, וואָס האָט צוזאַמען מיט זייַנע העלדן געלעבט אין דער שאָלעכץ פון אייגענעם נעבלדיקן רעפּלעקס און זיך אָפּגעגרענעצט פֿון סאָציאַלן אַרום, פֿונם געזעלשאַפֿטלעכן שטראָם—ער ווערט איבערגעבוירן! ער איז פֿאַרכאַפּט ניט מיט אינדיווידואַליסטישע איבערלעבונגען בלויז, נאָר מיט סאָציאַלע איבערברוכן, אָדער בעסער געזאָגט: מיט איבערלעבונגען (בערגעלסאָן פֿאַראַט ניט זיך אַליין) פֿון מענטשן, וואָס זייַנען געקניפּט מיט סאָציאַלע איבערברוכן. און ניט נאָר מיט „אָפגייענדיקע“ מענטשן אַפּן פּאָן פֿון רעוואָלוציע: די דאָזיקע גאַלערייע איז אויך פֿאַראַן—אָבער אויך און אין אַ גאָר גרויסער מאָס איז זייַן גאַלעריי פֿאַרפֿולט מיט אופשטייַגנדיקע טיפּן, מיט מענטשן פֿון דער רעוואָלוציע, מיט נייַגעבאָרענע אין דער אָקטיאַבר-טקופֿע.

און סאָציאַלע קאָנפֿליקטן גיט דאָס מאָל בערגעלסאָן ניט אין מישפּאָכע-גרעניצן („מירעלע“), ניט אין הויף-גרעניצן („דער טויבער“), נאָר אין גרעסערן מאַסשטאַב. עמעס בערגעלסאָן דעקט ניט אוף קיין סאָציאַלע פּרוזשינעס, ער אנטפּלעקט ניט דעם גאַנצן קאָמפּלעקס יוירנדיקע קרעפֿטן, קיין מאַסן ווערן דורך אים ניט אַרייַנגעפֿירט אין קאַמף. דעריבער זעט איר דאָ ניט דעם פּאָן פֿון גרויסשטאָט. דעם פֿראָנט, די קאַמפֿן, פֿון כאַיאָלעס—בערגעלסאָן שליסט זיך אָפּ אין קאַמינאָבאַלקע, דאָ שטעלט ער אויס זייַן קליינעם קינסטלערישן כאַיל און דורך אַנטפּלעקן זייער אינערלעכע וועלט, דורך זייער האַנדלונג אַנטבלויזט ער עלעמענטן פֿון סאָציאַלן קאַמף. אָבער אַפֿילע אַזוי איז דערדאָזיקער בוך דורכגעזאַפּט מיט רעוואָלוציע.

וואָרום—און דאָס איז נויטיק באַמערקן, קעדיי זען בערגעלסאָנס עוואָלוציע—אַפֿילע די אָפּגאַנג-טיפּן אין „מידאַס האַדין“ זייַנען אויך אַנדערע, דעפּאָרמירטע, לעגאַבע דעם, ווי ווי בערגעלסאָן האָט זיי געוויזן אין זייַנע פֿריערדיקע ווערק.

אָט איז אַן אַלטער בערגעלסאָנישער לאָיוצלעך—מיר האָבן אים שוין דערמאָנט—דאָקטער באַביצקי. אין זייַן דערווייַטערט שטיבל, אין זייַן איינזאַמקייַט און אָפּגעשלאָסנקייַט פֿון דער וועלט, האָט ער זיך געזאָלט אויסלעבן די ביסל יאָרן. נאָר אָט איז ער „אַרויף אַף עפּעס אַ מאָדנער פֿור—די פֿור פֿון רעוואָלוציע“—און ער קען שוין ניט אופֿהערן וועגן דעם צו דענקען. אין דעם גרויסן וויכער פֿון קאַמף ווערט אויך אָט דער צוקראָכענער, נישטיקער מענטש מיטגעשלעפּט. ער דינט ווי-ניט-ווי דער אַקטיווער קאָנטררעוואָלוציע, בײַ אים באַהאַלט מען פעקלעך ווייַסגוואַרדעישע עסערישע ליטעראַטור, בײַ אים קומען פֿאָר עסערישע זעונגען. די צענטרליפֿנדיקע קראַפֿט פֿון סאָציאַלן קאַמף ציט אַרייַן אפֿילע אָט די ווייַטלעכע פֿון קאַמף עלעמענטן, אַפֿילע אָט די, וואָס זייַנען סוביעקטיוו-זיכער, אַז זיי באַלאַנגען ניט צו קיין שום „צאַד“, צו קיין שום פאַרטיי, און דער ציין-דאָקטאָר גאַלאַנאַנער, אָט איז ער:

„דער דאַנטיסט גאלאַגאַנער—אַ מענטשל, וואָס לויט זייַן אויסזען איז ער אַלט אַ יאָר 38, נאָר בייז, דאַכט זיך, איז ער שוין אַ יאָר הונדערט. טאָמיד, אַז ער רעט, ווייַזט זיך אויס, אַז ער קריגט זיך, ער וויל וויסן, צי ער איז גערעכט, צי ניין. נאָך יעדער געשוויגטן וואָרט פינטלט ער שטאַרק מיט די אויגן, און נאָך יעדער

שטיקל וואַטע, וואָס ער לייגט אַרײַן באַ זיך אין קאַבינעט אַ פּאַציענט אין באַק-צאָן לויפט ער צום פענצטער אַ קוק געבן, צי דאָס פּאָליטישע לעבן אין לאַנד האָט זיך שוין געביטן, צי נאָך ניט“. (ז. 37).

אָט ווי עס האָט אויפגעבראַוזט דער סאָציאַל-פּאָליטישער רעפלעקס אינם דאָקטער גאַלאַגאַנער. ער ווערט גאָר אַ טעטיקער עסער, ניט געקוקט אַף דעם, וואָס לויט דער גאַנצער סאָציאַלער „קאָנסטיטוציע“ זיינער דאַרף ער זיך שטעלן א ו י ס ע ר די קלאַסן-קאַמפן. עס איז אָבער אַ הייסע צײַט, און גאַלאַגאַנער איז דעריבער אַזוי טשיקאַווע צום פּאָליטישן לעבן אין לאַנד.

און גלײַכצײַטיק דערטיט קומט פאָר אַן איבערגרופּירונג, אַ סאָציאַלע איבערגרופּירונג. מענטשן ווערן איבערגעבוירן. יוזי ספּיוואַק וואַקסט אַריבער פון עסעריזם אין אָקטיאַבער-רעוואָלוציע; די יידישע הענדלערישע מישפּאָכע· די אָרעמע, גיט זין אין דער רויטער אַרמיי אַרײַן—פּינקע ווייל. פאַר בערגעלסאָנען קומען אויף טיפן פון יידישע רויטאַרמייער, וואָס וואַקסן אַרײַן אין דער רעוואָלוציע, פאַרליבן זיך אין איר און האָבן ניט קיין אַנדער אינטערעס אויסער איר. פּינקע ווייל איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אַפן פראָנט—איז וואָס? „...די ווונד איז די ערשטע טעג געווען באַ אים טײַער, ווי דער ביס פון אַ מיידל, וועלכע מען האָט ליב“... די ווונד פון רעוואָלוציע איז פאַר פּינקען אַ שטיק אייגנס, פּינקע ווערט א בירגער פון דער רעוואָלוציע.

4

די נײַע רעוואָלוציע-סיטואַציע האָט אַזוי באַפרוכפּערט בערגעלסאָנען, אַז ס'האָבן זיך אים אָפּגעעפנט פאַרשיידענע נײַע שאַפונג-מעגלעכקײַטן. שטום זײַנען געווען אַסאַך פון זײַנע פיגורן—זיי האָבן פאַרלאָרן די וויכטיקסטע קאַמוניקאַציע-מיטלען מיט דער געזעלשאַפט, מיט דער וועלט. דאָס איז געשען דערפאַר, ווײַל שילדערנדיק אונטערגייענדיקע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, האָט בערגעלסאָן דער קינסטלער געמוזט זען, ווי עס שטאַרבן אין זיי אָפּ און ווערן אַלץ מער אַטראָפירט די גלידער און טיילן פונם אָרגאַניזם — באַ בערגעלסאָנען האָט זיך עס אָפּגעשפּיגלט אין די קינסטלערישע פאָרמען, אין זײַן אימפּרעסיאָניסטישן סטיל. אין „מידאַס האַדין“ אָבער זײַנען מענטשן ריידעוודיקער, רירעוודיקער און ראַשיקער. ניט נאָר פילן און באַדאַכטן קענען מענטשן—זיי האַנדלען, זיי ווערן אַקטיוו, בייס אין די פאָריקע ווערק האָט בערגעלסאָן געגעבן בלויז מענטשן, וואָס פוילן אין ניט טעטיקײַט און זײַנען טעטיק פוילערהייט. אָט אין דעם אַלץ פילט זיך אַ גרויסער איבערברוך אין די פאַרשיידענע פלאַכן פון בערגעלסאָנס שאַפן, און אַן איבערברוך צום גוטן. עמעס, בערגעלסאָן בלײַבט נאָך אין גרונט דאָס, וואָס ער איז: די ברייטע וועלט איז נאָך היבש אויסגעג'ענעצט פאַר זײַנע העלדן, טיפע אופּברוכן קריגן נאָך ניט זייער אָפּשפּיגלונג באַ בערגעלסאָנען, עס איז ניטאָ קײַן דורכויסיקער פּאַטאָס און דערהויבנקײַט אין דעם אַלגעמיינעם גאַנג פון שילדערן, עס איז ניטאָ דער שטאַרקער טעמפּ און עס הערשט נאָך דער אינערלעכער געדריקטער געמיט-אומרו—אָט דאָס, וואָס כאַראַקטעריזירט, אייגנטלעך, בערגעלסאָנס אימפּרעסיאָניזם. דער אַלטער בערגעלסאָן, הייסט עס, איז נאָך גענוג פעסט אויך אין „מידאַס האַדין“, אָבער אין גרונט באַהערשט אײַך אין דעמדאָזיקן בוך דאָס אַלגעמיינע בילד פון העלע און בוילעטע שטריכן, פון רעוואָלוציאָנערע סיטואַציעס און טיפּן. עס מאָלן זיך אויס גרויסע שטיקער בירגער-קריג, עס וואַקסן אויס מענטשן פון יענעם פּעריאָד. דידאָזיקע געשעענישן און מענטשן זײַנען ניט געגעבן אין דער גאַנצער טיף—דעריבער האָבן מיר גיכער שאַרפע קאָנטורן, ווי רעליעפע און פלאַסטישע שילדערונג. אָבער באַ דעם אַלץ איז „מידאַס האַדין“ איינער פון די בעסטע ביכער—אויב ניט דאָס בעסטע בוך פון אונדזער סאָוועטישער פּראָזע.

---

ב. אָרשאַנסקי.

# צו דער פּראָגראַם פון דער אַקאַדעמישער מענדעלע-אויסגאַבע.

די פּראָגראַם פון דער אַקאַדעמישער מענדעלע-אויסגאַבע, וואָס מיר דרוקן דאָ, איז לויט אַ באַשטימונג פון יידסעקטאָר פון דער ווייסרוסישער וויסנשאַפטלעכער אַקאַדעמיע צונויפגעשטעלט געוואָרן דורך דעם כ׳ י. נוסינאָוו.

אין יידסעקטאָר איז די פּראָגראַם באַטראַכט געוואָרן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן: פאַרעפנטלעכן דיזאָזיקע פּראָגראַם און עפענען אַרום איר אַ דיסקוסיע. מיר האָבן דיזאָזיקע פּראָגראַם אויך צושיקט אונדזערע איבעריקע אַקאַדעמישע אינסטיטוציעס און געבעטן זי ברייט באַהאַנדלען, קעדיי צו דער צווייטער זיצונג פון דער צענטראַל-ביוראָ פון די יידישע אַקאַדעמישע אַנשטאַלטן זאָל מען אַנטגילטיק קענען אָנעמען אַן אויסגעאַרבעטע און דורכגעקאָנטראָלירטע פּראָגראַם.

מיר טרעטן צו צו דער ערשטער אַקאַדעמישער אויסגאַבע פון אונדזערע קלאַסיקער. און עס וואָלט געווען ניטפּאַרזיכטיק און צופיל געוואַגט, ווען אַזאַ גראַנדיעזע און פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט זאָל דורכגעמאַכט ווערן בלויז אין די פאַרמאַכטע קאַבינעטן, אויסער דעם געהעריקן קאָנטראָל פון דער ברייטער מאַסע וויסנשאַפטלעכע און קולטורטוער. מיר ווילן מינאַסטאַם נאָך אַלע קאָנטראָלן קיין פעלערן ניט אויסמיידן, אָבער וואָס מער עס וועט דורכגעקאָנטראָלירט ווערן, אַלץ ווייניקער פעלערן וועלן געמאַכט ווערן, און דערצו דאַרפן מיר אַלע שטרעבן.

אייניקע ספּייקעס, וואָס דיזאָזיקע פּראָגראַם רופט אַרויס בא מיר פּערזענלעך.

ערשטנס, איז פאַר מיר אַבסאָלוט אומפאַרשטענדלעך צו וואָס דאַרפן מיר געבן אין אונדזער אַקאַדעמישער אויסגאַבע די העברעישע טעקסטן פון מענדעלעס ווערק, ווען מע גיט די איבערזעצונגען. מיר דוכט, אַז דאָס איז שוין אַ צו פּינקטלעכער אַקאַדעמישער אָפּנויג, וואָס איז מיט גאָרניט באַרעכטיקט, אויב מע זאָל ניט אַרויסגיין פון שטאַנדפּונקט פון „קויצע שעל יוד״. מע דאַרף געדענקען, אַז העברעיש ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ מער און מער פאַרגעסן. אויב דער איצטיקער עלטערער דאָר געדענקט נאָך העברעיש, הויבט שוין דער יונגער דאָר אָן צו פאַרגעסן. אונדזער יונגער לערער פון פעטעכניקום קען ניט קיין העברעיש, אָדער ער קען ניט אַזוי ווייט גוט, אַז ער זאָל קענען גרינטלעך, ווירקלעך אַקאַדעמיש דערלערנען די טעקסטן. וועגן אונדזערע צוקונפטיקע דוירעס איז דאָך ניטאָ וואָס צו ריידן, אַז זיי וועלן ניט קענען קיין העברעיש, אויסער ענגע ספּעציאַליסטן. צו וואָס דאַרפן מיר האָבן די העברעישע טעקסטן? מע דאַרף בלויז זען, אַז די איבערזעצונג זאָל זיין גוט געמאַכט און גוט קאָנטראָלירט.

צווייטנס, איז נאָך מיין מיינונג ניט נויטיק צו געבן יענע אויסצוגן פון „תולדות הטבע״, וואָס שטעלן פון זיך פאָר „מענדעלעס אופקלערערישע אַרויסזאָגונגען״ (פּ. 8, ב). דאָס וואָלט אויך געהייסן אַקאַדעמיזם לעשעם אַקאַדעמיזם. אַנשטאָט די אויסצוגן און די קאָמענטאַרן צו זיי איז נויטיק אומבאַדינגט געבן אַ ספּעציעלע אָפּהאַנדלונג וועגן מענדעלען אַלס איבערזעצער און פּאָפּוליאַריזאַטאָר און דאָרט געבן גרעסערע און דערהויפּט כאַראַקטעריסטישע אויסצוגן.

דריטנס, איז נאָך מײַן מיינונג נויטיק דעם 13-טן און 14-טן באַנד געבן וואָס שפּעטער, נאָך אַלע דערשינענע בענדער. ווײַל ערשט דאַן, ווען מיר וועלן צונויפזאַמלען מעגלעך אַלץ, וואָס מיר האָבן מענדעלעס—ערשט דאַן וועט מען קענען געבן אַן אויסשעפּנדיקע כאַראַקטעריסטיק פון זײַן לעבן און שאַפן. עמעס, פאַר דעם בריי‌טן שטודירער וועט עפּשער זײַן שווער צו אָריענטירן זיך אָן די‌דאָזיקע צוויי בענדער, אָבער, ערשטנס, געבן זיי ניט קײַן פולן מאַטעריאַל, הייסט, אין אַ געוויסער מאָס, דעזיאָרענטירן, און צווייטנס, וועט דאָך צו יעדן באַנד געגעבן ווערן די אַרטיקלען און קאָמענטאַרן, וואָס וועלן פונדעסטוועגן העלפן דעם יונגן פאָרשער אין זײַן אַרבעט.

פערטנס, איז פאַר מיר ניט אינגאַנצן קלאָר. צי איז נויטיק מענדעלעס פובליציסטיק, קײַן גרויסע אַמעריקעס, ווי באַוווּסט, האָט ער ניט אַנטדעקט, קײַן צו גרויסע ווירקונג אָפּן געזעלשאַפטלעכן געדאַנק האָט ער מיט זײַנע פּובליציסטישע ווערק ניט געהאַט, דעריבער וואָלט עפּשער געווען מעגלעך צו באַנוגענען זיך מיט אַ גוטער אָפּהאַנדלונג איבער מענדעלע דעם פובליציסט מיט אַ גאַנצער ריי אילוסטראַציעס פון די וויכטיקסטע אַרטיקלען. איך זאָג פאָרויס, דאָס איז בײַ מיר אַליין א ספק און איך וואָלט זייער וועלן, אַז די בילדונג- און וויסנשאַפטלעכע טוער זאָלן זיך וועגן דעם אויך אַרויסזאָגן.

און פינפטנס. מיר דוכט, אַז עס איז אַבסאָלוט ניט נויטיק צו געבן דעם גאַנצן צווייטן באַנד „דער יונגער מענדעלע”. זאָלן די ערשטע אויסגאַבעס פון „קליינעם מענטשעלע”, „ווינטשפינגערל” און „פישקע דער קרומער”, אַף וויפל מיר נעמען דעם גרונט-טעקסט די יובילײ-אויסגאַבע, אַרײַן אַלס וואַריאַנטן, און דערבײַ געבן צום אָנהויב בוך אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן דער עוואָלוציע פון די‌דאָזיקע ווערק און די סיבעס פון דערדאָזיקער עוואָלוציע.

אָט דאָס זײַנען די באַמערקונגען, וואָס מיר האָט זיך געוואָלט מאַכן.

די אַכראַיעס פאַר דער וויסנשאַפטלעכער און פּאָליטישער אויסגעהאַלטנקייט פון דער אַקאַדעמישער מענדעלע-אויסגאַבע איז אַ צו גרויסע, אַז זי זאָל זיך קענען לייגן אַף די פּלייצעס פון איין אינסטיטוציע. צו הילף דערדאָזיקער גראַנדיעזער אַרבעט דאַרפן קומען אַלע אַקאַדעמישע און וויסנשאַפטלעכע אינסטיטוציעס און אויך איינצלנע פּערזאָנען, וואָס קענען באַהילפיק זײַן.

דערמיט עפענען מיר אַ דיסקוסיע אַרום דערדאָזיקער וויכטיקער אויפגאַבע און מיר זײַנען זיכער, אַז דידאָזיקע דיסקוסיע וועט אונדז העלפן אויסמײַדן פעלערן.

י. נוסינאָוו.

# אַקאדעמישע אויסגאבע פֿון מענדעלע מויכער-ספֿאָרים.

(טעזיסן).

1. די אקאדעמישע אויסגאַבע דאַרף דינען פֿאַר דער צוקונפֿטיקער סינטעטישער וויסנשאַפֿטלעכער מענדעלע-אויספֿאָרשונג און האָט דעריבער פֿאַר אַ ציל: צונויפֿקלייַבן און פֿאַרעפֿנטלעכן די גאַנצע מענדעלע-ירושע, סאַי פֿאַרענדיקטע ווערק, סאַי וואַריאַנטן, בריוו, אַרטיקלען, ניטפֿאַרעפֿנטלעכטע מאנוסקריפּטן, אין וועלכער שפּראַך מענדעלע זאָל זיי ניט האָבן געשריבן.

באַמערקונג: די אויסגאַבע נעמט ניט אַרייַן „תולדות הטבע” און די העבּ-רעישע איבערזעצונגען פֿון מענדעלעס ווערק.

2. אין קעגנזאַץ צום ראָוו אקאַדעמישע אויסגאַבעס דאַרף די מענדעלע-אויסגאַבע אזוי געגעבן ווערן, אַז זי זאָל נוצן ניט בלויז פֿאַר אַן ענגן קרייַז מענדעלע-פֿאָרשער, צי ביכלאַל ליטעראַטור-פֿאָרשער, נאָר זי זאָל זייַן אויך פֿאַר דעם לערער, פֿאַרן סטודענט פֿון דער ליטעראַרישער הויכשול, פֿון פעדטעכניקום, צי אַפֿילע פֿאַר דעם ברייטן קוואַליפֿיצירטן לעזער.

דער יידישער לעזער איז אין צאָל ניט אַזוי גרויס, מען זאָל זיך קאָנען דערלויבן פֿאַרשיידענע פֿולע אויסגאַבעס פֿון אַ קלאַסיקער פֿאַר פֿאַרשיידענע קרייַזן לעזער.

3. יעדער באַנד ווערט דערום אזוי געבויט:

א) אַן אַרייַנפֿיר-אַרטיקל וועגן דעם אָרט פֿון דעם געגעבענעם ווערק אין מענדעלעס שאַפֿן און וועגן דער געשיכטע פֿון אָט דעם ווערק.

ב) דער קאנאניזירטער טעקסט פֿון דעם געגעבענעם ווערק, לויט דער יובּילייום-אויסגאַבע.

ג) וואַריאנטן.

ד) קאָמענטאַרן.

4. די גאַנצע אויסגאַבע ווערט בעדערעך קלאַל געגעבן אין אַ כראָנאָלאָגישן סיידער, אויסער די בריוו און נאָך איינציקע סעריעס ווערק, וואָס ווערן פֿאַראייניקט אין באַזונדערע בענדער און קומען צום סאָף פֿון דער אויסגאַבע (זע ב. ב. 10-11).

5. די גאַנצע אויסגאַבע ווערט פֿאַרענדיקט:

א) מיט אַ וויסנשאַפֿטלעכער מענדעלע ביאָ-ביבליאָגראַפֿיע.

ב) מיט אַ קאָלעקטיווער מאָנאָגראַפֿיע וועגן מענדעלעס שאַפֿן.

6. די ערשטע וואַריאַנטן פֿון „קליינעם מענטשעלע”, „ווינשפֿינגערל” און „פֿישקע דער קרומער” ווערן ארויסגעגעבן באַזונדער, גייען אַרייַן אין צווייטן באַנד: „דער יונגער מענ-דעלע”, וואָס נעמט אַרום אַלץ, וואָס מענדעלע האָט געשריבן ביז דער „קליאַטשע”,—אַנ-דערש גערעדט, ביז דעם מאָמענט, ווען ער האָט זיך אָפּגעקערט פֿון בורזשואַזן מאַסקי-ליזם און האָט זיך אנטשיידן געשטעלט אַף די פּאָזיציעס פֿון דעמאָקראַטישן מאַסקיליזם.

7. דער העברעישער טעקסט, און אויך דער רוסישער (אין בריוו), ווערט אומעטום געגעבן אין אָריגינאַל און אין אַ יידישער איבערזעצונג.

8. ניט אַריינעמענדיק אין דער אויסגאַבע די העברעישע איבערזעצונגען פון מענדעלעס ווערק, צום ביישפיל: „ספר הקבצנים" צי די ווערק, אין וועלכע מענדעלע איז בלויז קאָמפילאטאר און איבערזעצער („תולדות הטבע"), נוצט אָבער אויס די אַקאַדעמישע אויסגאַבע דידאַזיקע ווערק:

א) אין די פאַלן, ווען די איבערזעצונג איז ניט קיין מעכאַנישע, נאָר אַן איבערגעאַרבעטע און האָט אין זיך וועלכע עס איז פראגמענטן, וואָס זיינען אין דעם יידישן טעקסט ניטאָ, דאַן ווערן אָט די פראגמענטן געגעבן אין דער אָפטיילונג וואַריאַנטן אין דעם העברעישן טעקסט און אין אַ יידישער איבערזעצונג.

ב) פון „תולדות הטבע" ווערן איבערגעדרוקט יענע אַלע שטעלן, וואָס אַנטהאַלטן אין זיך ניט קיין אומיטלבאַרע נאַטורוויסנשאַפטלעכע יעדיעס, נאָר מענדעלעס אופקלערערישע אַרויסזאָגונגען. אָט די אויסצוגן ווערן אָפגעדרוקט מיט דעם נויטיקן קאָמענטאַר אין דעם העברעישן באַנד „יונגער מענדעלע" (ב. 1.).

9. די גאַנצע אויסגאַבע באַשטייט אַף אַזאַ אויפן פון אָט די בענדער:

1 באַנד: ב) מכתב על דבר החנוך (1857)
ב) משפט שלום (1860)
ג) עין משפט (1866)
ד) האבות והבנים (1868)
ה) די וואריאַנטן פון „האבות והבנים":
1) למרו היטב
2) די ענדערונגען, וואָס מענדעלע האָט אַריינגעטראָגן אין דער אָדעסער אויסגאַבע פון „כל כתבי מנדלי מוכר ספרים" ב. 3, 1912.
ו) מענדעלעס אופקלערערישע געדאַנקען, וואָס ער האָט אַרויסגעזאָגט אין „תולדות הטבע" (1852-66-72).

2 באַנד: א) „דאָס קליינע מענטשעלע" לויטן טעקסט פון „קול מבשר" 1864-65.
ב) „דאָס וויְנשפינגערל"—וואַרשע 1864.
ג) „פישקע דער קרומער"—זשיטאָמיר 1869.
ד) „די טאַקסע"—1869.
ה) „דער לופט באַלאָן"—1869.

באַמערקונג: „די טאַקסע" און דער „לופט באַלאָן"—מיט אַלע שפּעטערדיקע ענדערונגען.

3 באַנד: „די קליאַטשע"—1872-73.
4 באַנד: א) „יודל"—1874-75.
ב) „זמירות ישראל"—1875.
ג) „פרק שירה"—1875.
5 באַנד: „מאסאָעס ביניאָמין האשלישי"—1878.
6 באַנד: „דאָס קליינע מענטשעלע" (1878-79). לייט דער קאַנאָניזירטער יובילייום-אויסגאַבע מיט אַלע וואַריאַנטן אויסער דעם ערשטן, וואָס גייט אַריין אין 2-טן באַנד. „דאָס קליינע מענטשעלע" גייט אין 6-טן באַנד, וואָרעם שליסט מען אויס דעם „קול מבשר"-וואַריאַנט, קומט אויס דאָס ווערק צו רעכענען צום יאָר 1878-79.
7 באַנד: „פישקע דער קרומער"—1884.
אַלע וואַריאַנטן, אויסער דעם ערשטן.

8 באַנד: „דער פּריזיװ״—1884.
9 באַנד: „ווינשפינגערל״—1888-1910.
אַלע וואַריאַנטן, אויסער דעם ערשטן.
10 באַנד: אַווטאָביאָגראַפישער: א) די אַווטאָביאָגראַפיע פון „ספר זכרון״.
ב) „שלוימע רעב כאַימס״.
ג) „מיַין לעבן״.
11 באַנד: א) אַלע קלענערע דערציילונגען פון „בסתר רעם״ (1886) ביז „יום השבת״ (1913).
ב) אַלע אַרטיקלען, רעדעס, אַרויסזאָגונגען, וואָס זיַינען צעוואָרפן אין דער יידישער און העברעישער פרעסע.
12 באַנד: א) מענדעלעס בריוו.
ב) ניט פאַרעפנטלעכטע מאַנוסקריפטן, אויב זיי זיַינען ניט קיַין וואַריאַנטן פון פאַרעפנטלעכטע ווערק. אין דעם לעצטן פאַל וועלן זיי געגעבן אין די אַנטשפּרעכנדיקע בענדער.
13 באַנד: מענדעלעס ביאָ-ביבליאָגראַפיע.
14 באַנד: מאָנאָגראַפיע וועגן מענדעלעס שאַפן.

10. די אויסגאַבע ווערט פאַרוואַרקלעכט ניט לויט דער אָנגעמערקטער נומעראַציע פון די בענדער, נאָר לויט דער אַקטועלקיַיט פון דעם מאַטעריאַל. און ווערט דעריבער געגרייט און פאַרעפנטלעכט לויט אַזאַ סיידער:

| | |
|---|---|
| באַנד 2—1 | באַנד 8— 7 |
| באַנד 6—2 | באַנד 10— 8 |
| באַנד 3—3 | באַנד 1— 9 |
| באַנד 5—4 | באַנד 11—10 |
| באַנד 7—5 | באַנד 4—11 |
| באַנד 9—6 | באַנד 12—12 |

באַמערקונג: די בריוו גיט מען אַרויס צולעצט, וויַיל מע וועט קיינמאָל ניט זיַין זיכער, צי האָבן מיר שוין אין אונדזער רעשוס אַלע בריוו, דעריבער מוז מען אָפּציִען דעם באַנד ביז מע וועט נאָר קאָנען.

11. די בענדער 13 און 14 דאַרף מען שטרעבן אַרויסגעבן וואָס גיכער, ניט וואַרטנדיק ביזן סאָף פון דער אויסגאַבע.

12. וואַריאַנטן: א) נאָך דער קאַנאָניזירטער רעדאַקציע גייען די פריערדיקע רעדאַקציעס. זיי ווערן אָבער געגעבן נאָר אין די אויסצוגן, וואָס זיַינען אין דער לעצטער רעדאַקציע ניט אַריַין.

ב) יעדן מאָל ווערן דאָ געבראַכט די אַנטשפּרעכנדיקע שטעלן פון דער לעצטער רעדאַקציע. קעדיי דער לעזער זאָל זיך קענען פאָרשטעלן אין וואָס באַשטייט די ענדערונג.

ג) די ענדערונגען ווערן, ווו נויטיק, באַלייט מיט אַ דעסקריפּטיוון קאָמענטאַר, וואָס באַגרענעצט זיך מיט קלאָר מאַכן אין וואָס באַשטייט די ענדערונג, אָבער לאָזט זיך ניט אַריַין אין אָפּשאַצן דעם זינען פון דער ענדערונג.

13. דער קאָמענטאַר גיט די ליטעראַרישע, קולטור-היסטאָרישע און סאָציאַל-עקאָנאָמישע פאַקטן, וואָס באַלײַכטן די אָדער יענע מאָמענטן אין דעם ווערק אָדער אין דער שאַפונג-געשיכטע פון דעם ווערק און קאָנען מיטהעלפן דעם מאַרקסיסטישן אויסלערנען מענדעלעס שאַפן. אַזוי, לעמאָשל, ווערט אין דעם קאָמענטאַר צום „קליינעם מענטשעלע״ געגעבן אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון „קול מבשר״, ווו דאָס „קליינע מענטשעלע״ איז

דעם ערשטן מאָל געדרוקט געוואָרן. איִן דעם אַרײַנפֿיִר-אַרטיִקל ווערט כאַראַקטעריזיִרט דיִ פֿיִגור פֿון גוטמאַנען, ווי א געשטאַלט פֿון אַ מאַסקל. עס קאָנען דאָ אָבער ניִט געגעבן ווערן, וויִ עס איִז געפלאַנט איִן דעם פּראָעקט פֿון דער אוקראַיִנער קאַפֿעדרע, קיינע אָנווײַזונ- גען, אַז איִן דעם געשטאַלט „פֿון גוטמאַנען פֿיִגוריִרט גאָטלאָבער".

14. ס'איִז נויטיִק אײַנצײַטיִק גרייטן דעם 2-טן און 6-טן באַנד, ווײַל דער 6-טער באַנד אַליין גיִט ניִט קײַן פֿולן „קליין מענטשעלע".

---

נ אָ כ ש ר יִ פֿ ט: עס ווערט באַזונדער אויסגעטיילט דער 2-טער באַנד „יונגער מענ- דעלע" צוליִב דיִדאָזיִקע סיבעם:

1. צוליִב כראָנאָלאָגיע, ווײַל עס שטעלט זיִך דאָ דיִ פֿראַגע: „פֿיִשקע דער קרומער" באַציִט זיִך צו 1869 אָדער צו 1884? דאָסזעלבע בענוגייע „דאָס וויִנשפֿיִנגערל".

2. איִן אַלע איִבעריִקע ווערק, אויסער דיִ ערשטע דרײַ, איִז אַ וואַריאַנט אַ נײַע רעדאַקציע, איִן דיִ דרײַ—איִז עס אַ נײַע אידייע, אַ נײַער עטאַפּ איִן דער קיִנסטלעריִשער און געזעלשאַפֿטלעכער אַנטוויִקלונג.

3) דער 2-טער באַנד, אַז ער שליִסט אײַן איִן זיִך אַלץ ביִז דער „קליאַטשע", גיִט ער איִנגאַנצן מענדעלען, ווען ער איִז נאָך געווען אונטער דער האַשפּאָע פֿון בורזשואַזן מאַסקיליִזם, און טיילט איִם אָפּ, טאַקע דורך דער „קליאַטשע", פֿון דעם עטאַפּ, ווען ער שטעלט זיִך פֿעסט אַפֿן באָדן פֿון דעמאָקראַטיִשן מאַסקיליִזם.

# ביבליאָגראַפיע.

(„מאַלאַדניאַק“ נום. 4, 1929 י., ליטעראַריש-קינסטלערישער, געזעלשאַפטלעך-פּאָליטישער זשורנאַל—אָרגאַן פון דער ווײַסרוס. אַסאָציאַציע פּראָלעטאַרישע שרײַבער (בעלאַפּפּ).

דער № 4 „מאַלאַדניאַק“ האָט אין זיך אַ רײַכן קינסטלערישן און קריטישן מאַטעריאַל. אַכוץ ליינקאָווס פאַרזעצונג פון דער דערציילונג „דער לעצטער“. וועגן וועלכער מ'וועט קענען ריידן גענוי נאָכדעם, ווי זי וועט אינגאַנצן אָפּגעדרוקט ווערן, איז די פּראָזע אין דעמדאָזיקן נומער פאָרגעשטעלט געוואָרן מיט נאָך אַ דערציילונג „איטשע“.

כוועדאָס יאַוואָר אין זײַן דערציילונג „איטשע“ מאָלט אונדז אַ בילד, ווי אַזוי איטשע—אוורהם דעם קליינשטעטלדיקן שנײַדערס זון—ווערט אַ מאַשיניסט אויף דער אײַזנבאַן-וועג. די טעמע איז זייער אַן אַקטועלע. אין דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור האָבן מיר טשאַראָטס פּאָעמע „די קרעטשמע“, וועלכע מאָלט דעם איבערגאַנג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ו.ס.ס.ר. אויף ערד-אַרבעט, לינקאָווס דערציילונג „גאָי“ און די דערציילונג „איטשע“. עס איז קיין שום ספק ניט. אַז אַזעלכע ווערק העלפן זייער פיל אין דער אינטערנאַציאָנאַלער דערציִונג פון די מאַסן, קעמפן קעגן אַנטיסעמיטיזם און שאָוויניזם. יאַוואָרס דערציילונג „איטשע“ רירט אָן די פּראָבלעם פון אַרײַנציען די יידישע האָרעפּאַשנע שטעטלדיקע יוגנט אין דער פּראָדוקציע.

די טעמע איז געוויס אַ דאַנקבאַרע.

דער אַווטאָר אָבער האָט ניט אינגאַנצן באַהערשט די גרויסע און שווערע טעמע, וועלכע פאָדערט אַ גרויסן לייוונט און פאַרנעם. איר האָט ניט אין דער דערציילונג ניט נאָר קיין פאַרענדיקטע טיפּן, נאָר ווייניק קינסטלעריש-פאַרפאָלקאָמטע פּאָרטרעטן.

„איטשע“ און זײַן טאַטע אוורהם קומען אויס אַביסל נעבעכדיק, צעבאַלעכאַמדיק.

— ווי קומט עס, אַז אַן אָרימער ייִד זאָל טרוימען וועגן וויסנשאַפט.—זאָגט אוורהם וועגן איטשען, וועלכער ווערט אַגעוו געמאָלט, ווי אַ אינטעלעקטועלער אַטאַבעכאַרטאַנעניק, אַן עמעסער פאָרשטייער פון „אַם האַסייפער“...

צו אידעאַליסטיש איז אויך געמאָלט דער פאַרוואַלטער פון עלעקטראָסטאַנציע פּשיבילסקי און זײַן פרוי אַלאיזי.

פּשיבילסקי איז אַ פאַרביסענער סוינע פון דער ראַטן-מאַכט. ער איז ניט פון יענע ספּעציאַליסטן, וועלכע העלפן בויען דעם סאָציאַליזם. ער וויל אָפּנאַרן די באַלשעוויקעס. מען זאָל מיינען, אַז ער איז לאָיאַל, באַשטימט ער נעמען איטשען פאַר אַ לערן-ייִנגל. און ער און זײַן ווײַבל, וועלכע איז ניט בעסער פון אים, ווערן געשילדערט צו שיין.

דערפאַר אָבער גיט זיך אײַן דעם אַווטאָר געבן אַ לעבעדיקן טיפּ פון באַזיל, דעם קאָמיוגיסט. באַזיל פאַרשטייט, אַז צונעמען איטשען אויף אַרבעט אין דער עלעקטראָסטאַנציע איז אַ גרויסע פּאָליטישע אַרבעט. שלעפּט ער איטשען אין אַרטקאָם.

— לאָזט אַ וועג, כעוורע, דאָ באַ מיר ווערט געלייזט די נאַציאָנאַלע פּראַגע. הער, פאָרזיצער,—האָט באַזיל — צוגעשלעפּט איטשען צום טיש,—אָט דער יאַט שלאָפט, און אין כאָלעם זעט ער די עלעקטראָסטאַנציע. גייט ער צו איר ניט פּאַשעט און אַרבעט באַ פּשיבילסקין. ווי אַ באַטראַק שוין אַ יאָר צײַט, העלפט אים דאָס-יענץ מאַכן, דעם אַרבעטער-סטאַזש באַ פּשיבילסקין אין דירע קלײַבט ער... טאָ הער זשע,—גיב אַ שרײַב אַ פּאַפּירל אין קאָנטאָר פון דעפּאָ, אַז מען זאָל דעם יאַט אָפּן פּאַשעטן וועג אין עלעקטראָסטאַנציע אַרײַנציִען—פאַר אַ שילער מאַכן.

יאַוואָרן גיט זיך אויך אײַן איבערגעבן קינסטלעריש ריכטיק די באַציִונגען פון די עלטערע ווײַסרוסישע אָפּגעשטאַנענע אַרבעטער צו איטשעס אָנקומען אויף דער אַרבעט. אין באַשרײַבן דעם קאָמיוגיסט באַזיל און די אַרבעטער האָט יאַוואָר געקראָגן די עמעסע שפּראַך, דעם נויטיקן ריטם און וואָגיקייט פון וואָרט.

עס איז אינגאַנצן איבעריק די מאַיסע מיטן „באָרעך שעפּאָטראַני“, וועלכע דער אַווטאָר ברענגט, קעדיי אָפּאָנים באַווײַזן, אַז ער איז באַהאַוונט אין יידישע בראָכעס, עס איז אָבער דאַווקע ניט געלונגען.

יאַוואָר איז געוויס אַ צוזאָגנדיקער יונגער שרײַבער, וועלכער פאָדערט די גרעסטע אויפמערקזאַמקײַט.

די געדרוקטע לידער באַווײַזן אויף וויפל אונדזערע פּאָעטן מאַכן גרויסע פאָרשריט ווי אין פאָרם, סטיל, אַזוי אויך אין אינהאַלט.

כוועדאָר אָוויטש און זונאַנאַק, די יונגע פּאָעטעסע ברעסקאַיאַ גיבן שיינע לירישע לעבנספולע לידער. באַזונדערס דאַרף אָפּגעצייכנט ווערן די זעלטן ריטמיש און מעלאָדיש אָנגעשריבענע לעגענדע

„7 ברידער" פֿון דער פּאָעטעסע זינאַ באָנדאַרינאַ, אין אַ וווּנדערבאַר-פּאַשעטער, עלאַסטישער און גרינגער שפּראַך ווערט דערציילט, ווי 7 ברידער פֿון ניעמאַן האָבן זיך געלאָזט זוכן גליק אין ווײַטן סיביר—אָף די גאָלד־גרובן. איינער פֿון זיי האָט געפֿונען אַ שטיק גאָלד, באַהאַלטן עס פֿון די איבעריקע, האָבן אים די 6 ברידער געהאַרגעט און אַליין האָבן זיי דערנאָך פֿאַרבלאָנדזשעט אין די טיפֿע סיבירער וועלדער.

און די פּאָעטעסע ענדיקט:

Сьцежка да золата... дялі асьнежныя.
Колькі іх, колькі прайшло?
Кедры чарнеюць таемнымі вежамі,
Побач ў лагчынцы дымiцца сяло.

...Шумы тайговыя, далі асьнежныя,
Шум... цішыня...
Кедры чарнеюць таемнымі вежамі.
Глуха трывожна стагнала тайга.

דער ווײַכסטער אָפּטייל אין דעמדאָזיקן נומער „מאָלאַדניאַק" איז דער קריטישער.

כ. באַראַשקאָ גיט אַ אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל, וואָס באַווײַזט, אָף וויפֿל דער „בעלאַפּפּ" איז פֿאַר דער לעצטער צײַט אויסגעוואַקסן.

„פֿאַרן לעצטן יאָר (1928) האָט די ליטעראַרישע פּראָדוקציע פֿון בעלאַפּפּ באַקומען אַ גרויסע פּראָלעטאַרישע אַקטועלקײַט, איצט זעען מיר, אַז די ליריק גייט אַרויס פֿון איר קריזיס, וועלכן זי האָט איבערגעלעבט אין 1927 און אָנהויב 1928 י. אַנשטאָט דער פֿריערדיקער קעגנשטאַנדלאָזיקײַט, אינדיווידואַליזם באַווײַזן די פּאָעטן—מיטגלידער פֿון בעלאַפּפּ—זייער וווּקס איז אין דערנעענטערונג צו דער פּראָלעטאַרישער ליריק, צו דער ליריק, וועלכע שפּיגלט אָפּ די שטימונגען און אויפֿגאַבן, וועלכע זײַנען אַוועקגעשטעלט געוואָרן דורכן פּראָלעטאַריאַט אין דער סאָציאַליסטישער בויונג".

עס וואַקסט אויך די פּראָזע פֿון בעלאַפּפּ-מיטגלידער, וועלכע האָבן פֿאַר דער לעצטער צײַט אָנגעשריבן אַ רײ ווערק, וואָס קענען מיט רעכט אָנגערופֿן ווערן פּראָלעטאַרישע.

און די אַרטיקלען פֿון אַלעס האַראַדניאַ און א. פּאַרבערעסקי (דער ערשטער—וועגן קופּצעווישעס און באַבאַרעקאַס „מעטאָדן פֿון קריטיק" און דער צווייטער—וועגן דעם פּאָעט אַלעס דוראַר, וועלכער איז ניט לאַנג אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון דער ליטגרופּע „פּאָלימיאַ", האָט זיך דערקײַקלט אין זײַן שאַפֿונג ביז קאָנטר-רעוואָלוציע) באַווײַזן, אַז „בעלאַפּפּ" איז אַריבער אין אָנגריף און גאַנץ געלונגען.

זייער גוט טוט דער זשורנאַל, וואָס ער האָט אָנגעהויבן געבן פּאָרטרעטס אָף פֿאַרשיידענע שרײַבער. דאָס מאַכט לעבעדיקער דעם זשורנאַל.

שלעכט האַלט נאָך מיט דעם פּאָליטיש-געזעלשאַפֿטלעכן אָפּטייל. אין № 4 האָט איר ניט קיין איין פּאָליטישן אַרטיקל.

ב. קאַבאַקאָוו.

# רעזאלוציעס פֿון פלענום פֿון בעלאפּפּ.

## 1. לויטן באַריכט פֿון פֿאַרוואלטונג.

1) דער פעריאָד, וועלכן עס כאַפּט אַרום דער באַריכט (פֿון צוזאַמענפֿאָר ביזן פלענום) כאראקטעריזירט זיך מיט דעם, וואָס עס איז פֿאַרטיפֿט געוואָרן די קלאַסן-דיפערענציאַציע אין דער ליטעראַטור. פֿון איין זייט איז אויסגעוואקסן דער בעלאפּפּ ווי אַ פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאציע, פֿון דער צווייטער—האָבן זיך פֿאַרשטאַרקט די רעכטע טענדענצן אין דער ווייַסרוסישער ליטעראַטור. די סימאָנים פֿון דעררעזיקע, דיפֿערענציאַציע זייַנען פֿאָלגנדיקע:

א) פֿון „מאַלאַדניאַק“ איז ארויסגעטראָטן אַ גרופּע כּאַווירים, זייַן אַמאָליקער אנפֿירנדיקער טייל. דער אויסדרוק פֿון נאַציאָנאַל-דעמאָקראטיזם אין דער טעאַטראַלער דיסקוסיע, דער אָנגריף אָף די גרונט-פּרינציפּן פֿון בעלאפּפּ (קעגן אַרייַנטרעטן אין וואַאפּפּ, קעגן שאַפֿן דעם בעלאפּפּ), וואָס האָט זיך באַמערקט אָפֿן צוזאַמענפֿאָר פֿון בעלאפּפּ מיצאַד די זעלבע געוועזענע מאַלאַדניאַקאָווצעס, „דער בריוו פֿון „דריי“ און די פֿייַנטלעכע פּאַסקוויל-קאַמפּאַניע קעגן בעלאפּפּ, גלייַכצייטיק זייַנען געווען פּרווון צו יווירקן אָף די מער אָפּגעשטאַנענע מיטגלידער פֿון בעלאפּפּ. דאָס אַלץ זאָגן איידעס וועגן דעם, אַז אַ טייל פֿון די געוועזענע מאַלאַדניאַקאָווצעס האָבן זיך דערשראָקן פֿאַר די שוועריקייטן, וועלכע באַגעגענען זיך אָפֿן קאַמף וועג פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור. דעררעזיקער טייל איז ארויס פֿון „מאַלאַדניאַק“, אונטערגעפֿאַלן אונטער דער ווירקונג פֿון די קליינבירגערלעכע נאַציאָנאַלע שטימונגען און אָפּגעגאַנגען פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליניע אין דער ליטעראַטור.

ב) די שאַפֿונג פֿון דער גרופּע „אוזוושאַ“ קערט זיך פֿאַר דער לעצטער צייַט אַלץ מער צו פֿאָרמאַליזם אָדער זי באַריִרט איגנאָנצן ניט די היינטצייטיקע סאָציאַלע פּראָבלעמען, אָדער זיי ווערן געשילדערט אַזוי, אַז עס ווערט פֿאַרשמירט די ראָל פֿון די סאָציאַליסטישע עלעמענטן און די נעגאַטיווע און פֿיעמדע דעם פּראָלעטאַריאַט עלעמענטן ווערן בוילעט אַרויסגעשטופּט: איינִיקע האָנאָכעס, וואָס די „אוזווישאַ“ האָט אַרויסגעזאָגט אין נום. 6 פֿון זשורנאַל „אוזווישאַ“ פֿאַרן יאָר 1928. זאָגן איידעס וועגן דעם, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט בוילעטע אויסדרוקן פֿון רעכטער געפֿאַר אין דער ווייַסרוסישער ליטעראַטור.

ג) דער קאַמף פֿון בעלאפּפּ פֿאַרן פֿאַרשטאַרקן די אָרגאַניזאַציע, פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער ליניע אין דער שאַפֿונג, פֿאַר פֿאַרבעסערן די שעפֿערישע און געזעלשאַפֿטלעכע אַקטיוויקייַט, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ יאָר צוריק און גיט איצט גרויסע פּאָזיטיווע רעזולטאַטן, באַגעגנט אַן אייגנאַרטיקן ווידערשטאַנד. ווי מיצאַד דער קריטיק, אַזוי אויך אין די באַזונדערע ארויסטרעטונגען קעגן בעלאפּפּ. עס זייַנען פֿאַראַן פֿאַלן, ווען מען האָט זיך געסטאַרעט איגנאָרירן דעם בעלאפּפּ. בעקיוון פֿאַרגעסן אים באַם שרייַבן אַרטיקלען וועגן דער ווייַסרוסישער ליטעראַטור, פּרווון צו פֿאַרקלענערן זייַן ראָל און באַדייַטונג.

אַזאַ איז דאָס ביכל פֿון קליינבאַרטן „מאָלאָדאַיאַ בעלאָרוסיאַ“. וועלכער איז דערשינען אין 1928-טן יאָר. אויסער דער אַלגעמיין קליינבירגערלעכער איינשטעלונג פֿון דעמדאָזיקן בוך, זייַנען אין אים צוגעטראָגן געוואָרן טענדענציעזע בילבולים וועגן דעם קלוימערשטן צעפֿאַלן פֿון מאַלאַדניאַק, פֿאַלשע פֿאַקטן, טענדענציעזע פּרווון צו פֿאַרשטעלן מיט די געוועזענע מיטגלידער פֿון „מאַלאַדניאַק“ די איצטערדיקע אָרגאַניזאַציע בעלאַפּפּ, אויסמייַדן באַטראַכטן די שאַפֿונג און אַרבעט פֿון די מיטגלידער פֿון בעלאפּפּ.

די זעלבע אַלגעמיינע פּרינציפּיעלע איינגעשאַפֿטן, פֿאַלסיפֿיצירטע פֿאַקטן. דאָס אַרויסגעבן די געוועזענע מיטגלידער פֿאַרן איצטיקן מאַלאַדניאַק, איגנאָרירנדיק דערביי איגנאָנצן דעם בעלאפּפּ, איז אויסגעדריקט אין דעם אַרטיקל פֿון מ. באַיקאָוון (וועלכער איז באַוווסט מיט זייַן פּרינציפּלאָזיקייַט), וועלכער איז אָפּגעדרוקט געווען אין אוקראַינישן אַלמאַנאַך פֿון איבערזעצטער ווייַסרוסישער ליטעראַטור „נאָווא בילאָרוס“.

אַ פֿולשטענדיקע איגנאָרירונג און באַיקאָט פֿון דער שאַפֿונג און אַרבעט פֿון בעלאפּפּ באַמערקן מיר אויך אין אַרטיקל פֿון ז. זשילונאָוויטש וועגן דער נאָכאָקטיאַבערישער ליטעראַטור. דער אַרטיקל איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין ערשטן באַנד פֿון דער „ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע“. מען דאַרף באַמערקן, אַז די קאַטעדרע פֿון ווייַסרוסישער ליטעראַטור באַ דער ווייַסרוסישער וויסנשאַפֿטלעכער אַקאַדעמיע, וועלכע גרייט צו די מאַטעריאַלן פֿאַר דער „ליטעראַרישער ענציקלאָפּעדיע“, האָט אַרויסגעוויזן אַ נאַכלעסיקייַט און האָט פֿאַרזען, אַז אין דיזאָזיקע מאַטעריאַלן איז ניט אויסגעדריקט דער סאָנים פֿון בעלאפּפּ.

דעם ביכל פֿון מ. האַרעצקען „וועגן מאַלאַדניאַק“, אַ ביכל וואָס האָט זיך געמיט מער אביעקטיוו און עמעסדיק קלאָר מאַכן די שאַפֿונג און אַרבעט פֿון „מאַלאַדניאַק“, איז באַגעגנט געוואָרן מיט אַ פּאַסקוויל-וווּלגאַרן פֿעליעטאָן אין דער ליטעראַרישער בלעטל באַ דער צייַטונג „סאָוועצקאַיאַ בעלאַרוס“.

דאַס אַלץ זאָגט אײדעס וועגן דעם, אַז דער אינטענסיווער אָנגריף פֿון בעלאַפּפּ איןַ קאַמף פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער ליִטעראַטור רופֿט אַרויס פֿײַנטלעכע אַרויסטרעטן קעגן בעלאַפּפּ מיִצאַד אַ באַשטימטן טייל פֿון דער ווײַסרוסיִשער ליטעראַטור. דעררעזיקער אָנגריף פֿון בעלאַפּפּ וועט נאָך מער פֿאַרטיִפֿערן דיִ קלאַסן-דיפֿערענציִרונג אין דער ווײַסרוסישער ליִטעראַטיר.

2) צוגלײַך מיִט דיִ אויסדרוקן פֿון באַלעגופּישע נאַציאָנאַליִסטישע שטימונגען אין דער ווײַסרוסישער ליִטעראַטור איז פֿאַר דעם כּעריאָד, וואָס עס כאַפּט אַרום דעם באַריִכט, געוואָקסן דער פּראָלעטאַריִשער סעקטאָר פֿון דער ווײַסרוסיִשער ליטעראַטור—דער בעלאַפּפּ. די אויפֿלעבונג אין דער שאַפֿונג און אַרבעט פֿון בעלאַפּפּ, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן איִן אָנפֿאַנג פֿון פֿאַריקן יאָר און אויסגעדריִקט זיך מער בוילעט פֿאַרן צוזאַמענפֿאָר, האָט געגעבן באַדײַטנדיקע רעזולטאַטן פֿאַר דער צײַט פֿון צוזאַמענפֿאָר ביזן פּלענום.

ס איִז געוואָקסן און ס'האָט זיך פֿאַרבעסערט די ליטעראַרישע פּראָדוקציִע, וועלכע האָט באַקומען אַ מער פּראָלעטאַרישע אַקטועלקײַט: עס איז בוילעט געוואָרן די אויפֿלעבונג פֿון דער ליִריק, וועלכע הויבט איצט אָן אַרויסגיין פֿון קריִזיִס. דיִ מיטגליִדער פֿון בעלאַפּפּ האָבן זיך אָפּגערופֿן מיִט זייער שאַפֿונג אַף דיִ אַקטועלע טעמעס פֿון דער פּראָלעטאַרישער הײַנטצײַטיקײַט (דער צעניאָריקער יוביל פֿון וו.ס.ס.ר., דער 5-טער יאָרצײַט פֿון לעניִנען, דער 12-טער צוזאַמענפֿאָר פֿון ק.פּ.(ב)וו.). באַדײַטנדיִקע דערגרייכונגען זײַנען דאָ אויך אין פֿאָרמעל-קינסטלעריִשער ריִכטונג.

די אַקטיִווע געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט פֿון דיִ מיטגליִדער פֿון בעלאַפּפּ אין אַ גאַנצער ריי ליטעראַריִשע אָוונטן האָבן געזונט געמאַכט דיִ שטימונגען אין דער אָרגאַניִזאַציִע גופֿע. ס'איִז באַדײַטנר אויסגעוואַקסן דער אָווטאָריִטעט פֿון בעלאַפּ צוויִשן דיִ ברייטע האַרעפּאַשנע מאַסן.

די אַלע דערגרייכונגען איִן אער שאַפֿונג און אַרבעט פון בעלאַפּט זײַנען מעגלעך געווען אַדאַנק דעם, וואָס דער בעלאַפּפּ האָט אָנגעהויבן, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער קאָמוניִסטיִשער פּאַרטיי, אַקטיוו און אַנטשיידן קעמפֿן פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

3) דער פּלענום פֿון בעלאַפּפּ באַגיִטיקט פּולקאָם דיִ פּריִנציִפּעלע ליניע און די אַרבעט פֿון סעקרעטאַריאַט פֿון בעלאַפּפּ און מערקט אָן אַף דעם קומענדיִקן פּעריאָד דיִ פֿאָלגנדיִקע אויפֿגאַבן:

א) די פּאַרוואַלטונג פון בעלאַפּ, דיִ ביִוראָען פֿון דיִ פֿיליִעס, יעדער מיִטגליד פֿון אַסאָציִאַציע דאַרף זיִך נאָך מער דערנעענטערן צו דיִ פּאַרטעיִשע אָרגאַנען, דאַרף זיך נאָך מער פֿאַרביִנדן מיִט דיִ האָרעפּאַשנע מאַסן, ניט אומקוקנדיק זיִך אַף די קליינבירגערלעכע נאַציאָנאַליִסטיִשע עלעמענטן, מען דאַרף מער אַקטיִוו קעמפֿן מיִט די רעכטע נאַציאָנאַל-דעמאָקראַטיִשע עלעמענטן אין דער ליִטעראַטור, און מיט דער שאַפֿונג און געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט קעמפֿן פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער ליִטעראַטור.

ב) פֿאַרשטאַרקן דעם איִדעאָלאָגיִשן קאַמף קעגן דער רעכטער געפֿאַר אין דער ווײַסרוסיִשער ליטעראַטור, וועלכע דריִנגט דורך איִן דיִ באַזונדערע ווערק פֿון באַזונדערע שרײַבער און אין איי‍ניִקע פּובליִציִסטיִשע אַרויסטרעטונגען („היִנטישע בריוו"—יאַ. פּושטשאַ, „נעסט"—מ. לוזשאַניִן, „דער וויִנט פֿון מיזרעך"—א. דודאַר, „ערד"—ק. טשאָרניִ, אַרטיקלען פֿון ז. זשיִלונאָוויִטש (צ. גאַרטניִ), טאָדאָר גליִבאָצקי (א. דודאַר) און אַנדערע); מען דאַרף נעמען אַ מער פֿעסטערן קורס אַף דער קלאַסן-דיִפֿערענציִרונג אין דיִ רייען פֿון מיִטלויפֿער, אויסטיילנדיִק און דערנענטערנדיִק צו בעלאַפּפּ די מער ליִנקערע, מער נאָענטע צו דער פּראָלעטאַרישער ליִטעראַטור און אַנטשיידן קעמפֿן מיִט דיִ רעכטע, אויפֿדעקנדיִק דעם רעכטן איִנהאַלט פֿון זייער שאַפֿונג.

ג) קעדיי מאַקסיִמאַל אויסנוצן דעם סאָציִאַלן באַשטעל, וואָס די עפּאָכע האָט געשטעלט פֿאַר דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, דאַרף מען אָרגאַניזירן אַ גאַנצע ריי עקסקורסיִעס צו דערלערנען דיִ גרעסערע אונטערנעמונגען פֿון דעם סאָציִאַליסטישן סעקטאָר: פֿאַבריִקן, זאַוואָדן, קאָלוויִרטן, עלעקטראָבויען, טאָרף-מעליאָראַטיִווע באַאַרבעטונגען. מען דאַרף געבן דיִ מיִטגלידער פֿון דער אַסאָציִאַציִע די פֿולע מעגלעכקײַט קאָנקרעט און פּראַקטיִש אויספֿילן דיִזאָזיִקע אויפֿגאַבע, אַף ווײַטער דאַרף מען שטעלן דיִזאָזיִקע פּראַקטיק, וויִ אַ פּריִנציִפּ, אַרײַנציִענדיִק אין דעם אַלע מיטגליִדער פֿון דער אַסאָציִאַציִע.

ד) דערייִרן זיך מיִטן „ראַפּפּ" און „וואָפּפּ" וועגן דעם, אַז זיי זאָלן אַלזייטיק מיִטהעלפֿן דעם בעלאַפּפּ איִן דיִ עקסקורסיעס צו דיִ איִנדוסטריִעלע צענטרען, וועלכע דאַרפֿן באַקאָנען דיִ מיִטגליִדער פון בעלאַפּפּ מיִט דיִ פֿאַבריִקן און זאַוואָדן אין אויך מיִט דעם לעבן און שטייגער פֿון דיִ אַרבעטער איִן אַנדערע רעפּובליִקן.

ה) אַזוי וויִ דער בעלאַפּפּ האָט ניִט קיין טעכניִשע און מאַטעריעלע מעגלעכקײַטן אָפּדרוקן דיִ גאַנצע, אָדער אַפֿילו דעם גרעסטן טייל פֿון דיִ ווערק, וואָס עס האָבן דיִ בעלאַפּפּיִשע שרײַבער אין דעם אָרגאַן פֿון דער אַסאָציִאַציע—„מאָלאַדניאַק", איִז נויטיִק אויסזוכן מיִטלען און וועגן, וויִ אַזוי צו רעאַליִזירן דיִזאָזיקע שאַפֿונג אין ביִכער איִנדיִוויִדועלע אָדער קאָלעקטיִווע, לייגנדיִק באַזונדערע אכט אַף קריטיִשע און טעמאַטיִשע זאַמלביִכער.

ו) פֿאַרשטאַרקן דיִ קריִטיִש-דערציִעריִשע אַרבעט פֿון דער אָרגאַניִזאַציע, לייגנדיִק אַ באַזונדערע אויפֿמערקזאַמקייט אַף דער „אָביעקטיִווער" קריִטיִק, וועלכע איִז איִן עצעם גענומען ניִט קיין מאַרקסיִסטיִשע, נאָר אַ פֿאַרמאַסקירטע, פֿאָרמאַליִסטישע. אַפֿילו איי‍ניִקע מיִטגליִדער פֿון בעלאַפּפּ קערן זיִך אָפּ אָפּטמאָל אָן אַ זײַט. וועגן דעםזאָגן אײדעס דיִ רעצענזיעס פֿון ס. באַרסאָווסקען און א. לעסנאָי.

ז) איִן דער טאָגטעגלעכער אַרבעט דאַרף מען נאָכשפּיִרן נאָך דער איִדעאָלאָגיִשער ריינקײַט איִן דיִ רייען פֿון דער פּראָלעטאָריִשער ליטעראַטור, געבנדיִק אַ ווידערשטאַנד דיִ פּרוּוון אָפּצוקערן זיך אָן אַ זײַט פֿון דער

פּראָלעטאַרישער ליניע, און אויסקריִמען זי. די פּרוּוון פֿאַרשמירן דעם בוילעטן קלאַסן-פּנים פֿון דער אַסאָציִאַציע פֿון פּראָלעטאַרישע שרייבער.

ט) די הויפּט-און די גרונט-געזעלשאַפֿטלעכע אָנלאָדונג פֿון יעדן מיטגליד פֿון בעלאַפּפּ דאַרף פֿאַרעכנט ווערן זיין ליטעראַרישע שאַפֿונג און ניט דער טומל פֿון די אַזוי גערופֿענע „ליטעראַרישער טשינאָווניקעס״, וואָס ווערט אויסגעדריקט אין פֿאַרמעלן אויספֿילן די פֿליכטן פֿון דער אָרגאַניזאַציע.

כ) לויטן מוסטער פֿון דער מינסקער און האָמלער פֿיליע דאַרפֿן אַלע קרייזישע פֿיליעס טנג פֿאַרבינדן זיך מיט די פּאַרטעישע, קאָמיוגיסטישע און געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס. קעריי פֿאַרבינדן די גאַנצע אַרבעט מיט די אינטערעסן פֿון זיג אַפֿן פֿראָנט פֿון קולטור-רעוואָלוציע, מיטן ציל גיכער דעראָבערן די העגעמאָניע פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

ל) מער אָנטשיידן דורכפֿירן די אַרבעט אַף צו דעערנענטערן די נאַציאָנאַלע סעקציעס פֿון דער אַסאָציִאַציע. איינאַרערנענדיק כאַוועריִשע באַגעגעניִשן, גמיינזאַמע שמועסן איבע' שעפֿעריִשע פֿראַגן, אינטערנאַציאָנאַלע ליטעראַריִשע אָוונטן, עקסקורסיעס און קעגנזייטיקע איבעריעצונגען.

נ) אָפּצייכענענדיק די וויכטיקייט פֿון אַנ-ווייקלען די פּראָלעטאַריִשע ווייסרוסיִשע דראַמאַטורגיע און קינאָ-שאַפֿונג איז נויטיק פֿאַרשאַרפֿן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון אַלע מיטגלידער פֿון דער אַסאָציִאַציע אַף דיראַזיקע געביטן פֿון קונסט. דאָס שאַפֿן פֿון אַ דראַמאַטורגישער סעקציע באַ דער מינסקער פֿיליע איז דער ערשטער טראָט אַף צו לייזן דיראַזיקע פֿראַגע. אַף ווייטער דאַרף די פֿאַרוואַלטונג אַלזייטיק אונטערהאַלטן דיראַזיקע געביטן פֿון דער פּראָלעטאַרישער קונסט.

ס) אַ גרויסן אָרט אין דער קולטור-בויונג דאַרף פֿאַרנעמען די אָנשוילעכע פּראָלעטאַרישע קונסט. איצט שטייט אויף די פּראָבלעם צו דערנענטערן דעם קינסטלער צו דער פּראָלעטאַרישער טעמאַטיק. עס אַנטשטייען פֿראַגן וועגן דערציִען דעם פּראָלעטאַרישן קינסטלער. דערום באַגטראַגט דער פּלענום דער פֿאַרוואַלטונג שאַפֿן די געהעריקע פֿאַ-בינדונג מיט די לינקע, נאָענטע צו אונדז גרופּן רעוואָלוציאָנערע קינסטלער.

ע) די פֿאַרוואַלטונג פֿון בעלאַפּפּ דאַרף אין אַן ענגען קאָנטאַקט מיט די ליטעראַריש-וויסנשאַפֿטלעכע מאַרקסיסטישע קרעפֿטן נעמען זיך פֿאַר דער פֿאַרלויפֿיקער אַרבעט צו שאַפֿן אַ קינסטלערישע פּלאַטפֿאָרם. דאָס קלאָר מאַכן די קינסטלערישע פּלאַטפֿאָרם איז די סאַמע דרינגענדיקסטע, די סאַמע וויכטיקסטע אויפֿגאַבע.

## 2. וועגן דעם צושטאַנד פֿון דער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין ו. ס. ס. ר.

1) די ייִדישע ליטעראַטור אין ווייסרוסלאַנד, אין איר איצטיקע סאָוועטישע גרענעצן האָט ביז דער רעוואָלוציע ניט געהאַט קיינע ליטעראַרישע טראַדיציעס. דאָ זיינען געווען באַזונדערע ליטעראַטאָרן, אָבער עס איז ניט געווען קיין ליטעראַטור. דאָ איז ניט געווען קיין שטענדיקע ייִדישע פּרעסע. עס איז ניט געווען קיין קולטור-שעפֿערישע ייִדישע אינטעליגענץ.

בלויז די אָקטיאַבער-רעוואָלוציע האָט פֿאַנאַנדערגעוויקלט די שעפֿערישע קרעפֿטן פֿון פּראָלעטאַריאַט און האָרעפּאַשניקעס. געעפֿנט אַלע וועגן פֿאַרן שאַפֿן און אַנטוויקלען די ייִדישע ליטעראַטור, דער גרונט-קאָנטינגענט פֿון די ייִדישע ליטעראַטאָרן אין ו. ס. ס. ר. זיינען ווירקלעך אַרבעטער און האָרעפּאַשניקעס. די ייִדישע ליטעראַטור אין ווייסרוסלאַנד איז ווירקלעך אַ קינד פֿון דער רעוואָלוציע. ניט אומזיסט איז אין ו. ס. ס. ר. אָרגאַניזירט געוואָרן די ערשטע ייִדישע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציע פֿון שרייבער.

2) די ייִדישע פּאַרטעישע און קאָמיוגישע פּרעסע האָט געשאַפֿן אַ באָדן פֿאַר דער אַנטוויקלונג און דער פֿאַרשטאַרקונג פֿון דער שרייבערישער אָרגאַניזאַציע. די ייִדישע פּרעסע האָט אָרגאַניזירט די שרייבער אַרום די לאָזונגען פֿון דער פּאַרטיי און סאָוועטנמאַכט. ס'איז נויטיק אָפּצייכענען, אַז די בונדישע פּרעסע האָט, ניט קוקנדיק אַף איר דויערנדיקער עקזיסטענץ, אין ווייסרוסלאַנד (אין מעשך פֿון 4 יאָר) ניט אַרויסגערוקט קיין איין מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקן פּאָעט אָדער פּראָזאיקער. אין דערזלבער צייט האָט די קאָמוניסטישע פּרעסע, ניט קוקנדיק אַף אַ גאַנצער ריי איבעררייסן אין איר אַרבעט, שוין פֿון דעם ערשטן טאָג פֿון איר עקזיסטענץ גענומען אַרומזאַמלען אַרום זיך די שרייבערישע קרעפֿטן פֿון דעם פּראָלעטאַריאַט.

3) דער זשורנאַל „שטערן״ האָט פֿיל מיטגעהאָלפֿן צו אַנטוויקלען און פֿאַרטיפֿערן די אַרבעט פֿון די שרייבערישע אָרגאַניזאַציעס. דער זשורנאַל האָט איר געגעבן די מעגלעכקייט אַנטוויקלען זיך און רעגולער דרוקן מער גרעסערע ווערק.

דער „שטערן״ האָט געשטעלט אַ גאַנצע ריי ליטעראַריש-טעאָרעטישע פּראָבלעמען. ער האָט געפֿירט אַן אידעיִשן קאַמף מיט די קראַנקע, ניטפּראָלעטאַרישע דערשיינונגען אין דער ליטעראַטור. די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג פֿון דער שעפֿערישער טעטיקייט פֿון דער ייִדישער סעקציע פֿון בעלאַפּפּ איז ענג פֿאַרבונדן מיט דעם, אַז עס זאָל רעגולער דערשיינען דער זשורנאַל „שטערן״, וועלכער איז פֿאַקטיש די גרונט-באַזע פֿאַר דער שעפֿערישער און דערציִערישער אַרבעט פֿון דער גרופּע, און פֿאַ- דער אַנטוויקלונג פֿון מאַרקסיסטישן קריטישן געדאַנק אין קאַמף מיט פֿאַרשיידענע אָפּנייגן פֿון דער פּראָלעטאַרישער אידעאָלאָגיע אין דער ליטעראַטור.

4) אין די ערשטע יאָרן פֿון איר שעפֿערישער טעטיקייט, האָט די יידישע פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור די ליטגרופּע „יונגער אַרבעטער“. (אַ סעקציע פֿון וואַפּפּ און דערנאָך פֿון בעלאַפּפּ) אין איר שרײַבערישע אָרגאַניזאַציע אין גרונט-גענומען אויסגעדריקט דעם פּאַטאָס פֿון רעוואָלוציאָנערן קאַמף.

5) אָבער מיטן אָנגריף פֿון דער רעוואָלוציע, מיטן וווּקס פֿון דער אינדוסטריע ווײַזן זיך גרויסע שוועריקייטן אָף דעם עקאָנאָמישן פֿראָנט און עס פֿאַרשאַרפֿט זיך דער קלאַסנקאַמף אינעם לאַנד. אָף דעם באָדן ווײַזט זיך אַן אומצופֿרידנהייט אין די שיכטן פֿון דער קליין-בורזשואַזיע, און עס ווײַזן זיך יערידע-שטימונגען. דעררעאַזיקער שווערער פּעריאָד פֿאַלט צונויף מיט דעם וווּקס פֿון אונדזער גרופּע און איר איבערגאַנג פֿון ליריק צו עפּישע און שטייגערישע מאַטיוון. צו קאָמפּליצירטע סאָציאַלע פּראָבלעמען. אין איר גרונט-טייל איז די גרופּע צו דיזאַזיקע שווערע אויפֿגאַבן ניט געווען צוגעגרייט, סאַי לויט איר געזעלשאַפֿטלעך-פּאָליטישער אַנטוויקלונג, און סאַי לויט אירע ליטעראַרישע געוואוינהייטן. דיזאַזיקע שוועריקייטן צוזאַמען גענומען האָבן געשאַפֿן דעם ערשטן ערנסטן קריזיס אין דער אידעאָלאָגישער אויסגעהאַלטנקייט פֿון דער קינסטלערישער פּראָדוקציע. ס'ווײַזן זיך צוזאַמען מיט די יערידע-שטימונגען, די אַזויגערופֿענע „נייטראַלע“ און אינדיווידועלע מאָטיוון, ס'זײַנען דאָ פֿרווון צושפּאַלטן די גרופּע. דעררעאַזיקער קריזיס האָט אויך געווירקט אָף דער פּראָדוקטיווקייט פֿון דער שעפֿערישער אַרבעט. אייניקע האָבן אינגאַנצן אויפֿגעהערט צו שרײַבן, אייניקע האָבן געמאַכט באַדײַטנדיקע האַפּסאָקעס.

6) דער קריזיס איז טיילווײַז, — באַזונדערס אין דער פּאָעזיע.—פֿאַראַן נאָך איצט, עס זײַנען נאָך ניט אויסגעלעבט געוואָרן די אַזויגערופֿענע נייטראַלע מאָטיוון, טיילווײַז זײַנען נאָך איצט אויך דאָ די יערידע-שטימונגען.

אין דער פּאָעזיע איז נאָך דערווײַל קימאַט גאָר ניטאָ וועגן איצטיקער בוויזיקער בויונג. זייער ווייניק רופֿט מען זיך אָפּ אָף די אָרטיקע דערשײַנונגען און אָף די אַקטועלע פּאָליטישע טעמען.

7) אָבער אין אַלגעמיין גענומען גייט די גרופּע אַרויס פֿון דעם קריזיס אַ געזינטערע און אַ מער שטאַרקערע. פֿון דער אַלגעמיינער באַדײַטנדיקער גרויסער צאָל פּאָעטן האָט זיך אויסגעטיילט אַ גרופּע, וועלכע וואַקסט און פֿאַרשטאַרקט זיך אין איר שאַפֿונג. עס זײַנען דאָ און עס גרייטן זיך גרויסע פּאָעמען און גאַנצע ציקלען לידער.

8) אויב אין די ערשטע יאָרן האָט אונדזער שרײַבערישע אָרגאַניזאַציע קימאַט אינגאַנצן באַשטאַנען אויסשליסלעך פֿון פּאָעטן, איז פֿאַר דער לעצטער צײַט שטאַרקער געוואָרן דער סעקטאָר פֿון פּראָזע. דעררעאַזיקער סעקטאָר וואַקסט און אַנטוויקלט זיך. עס באַווײַזן זיך מער גרעסערע ווערק, וועלכע זײַנען לויט זייער טעמאַטיק נאָענט צום לעבן פֿון פּראָלעטאַריאַט און האַרעפּאַשניקעס, עס ווײַזן זיך די ערשטע דראַמאַטישע ווערק. עס אַנטוויקלט זיך, כאָטש אַפֿילע נאָך ניט גענוג, די מאַרקסיסטישע קריטיק.

9) ס'וואַרט בוילעט דער וווּקס פֿון די מיטגלידער פֿון דער יידישער סעקציע פֿון בעלאַפּפּ, ווי אין מינסק, אַזוי אָף ד ר פּעריפֿעריע, ס'ווײַזן זיך נײַע יונגע פּראָזאַיקער און פּאָעטן, ס'פֿאַרשטאַרקט זיך און פֿאַרבעסערט זיך זייער שעפֿערישער וווּקס.

10) עס האָט זיך שטאַרק אַנטוויקלט די געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט פֿון דער יידישער סעקציע. ס'איז דורכגעפֿירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי אָוונטן אין די קלובן און אָף די אונטערנעמונגען, עס זײַנען אָרגאַניזירט געוואָרן אַרויספֿאָרן אין דער פּראָווינץ. עס איז דורכגעפֿירט געוואָרן אַ אַרבעט מיט די ליטקרײַזן, די באַזונדערע כאַווירים האָבן אַנטייל גענומען אין דער קולטור-אַרבעט בײַ די אונטערנעמונגען—דאָס אַלץ זאָגט אייראָס וועגן דעם, אַז די געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט פֿון דער גרופּע האָט זיך באַדײַטנדיק פֿאַרשטאַרקט און פֿאַרבעסערט.

11) באַצייכענען ווי אַ גרויסע דערגרייכונג דאָס, וואָס פֿאַרן לעצטן יאָר זײַנען רעגולער אַרויסגעגאַנגען די ליטעראַרישע בײַלאַגעס בײַ דער צײַטונג „אָקטיאַבר“ און וואָס עס איז באַנײַט געוואָרן די ליטעראַרישע בײַלאַגע בײַ דער קאָמיוגישער צײַטונג „יונגער אַרבעטער“. דיזאַזיקע אויסגאַבן האָבן שוין אַרויסגערוקט אַ גאַנצע ריי אָנפֿאַנגער-שרײַבער און העלפֿן מיט אין דער אַרבעט פֿון דער יידישער סעקציע פֿון בעלאַפּפּ.

האַלטן פֿאַר נויטיק, אַז דיזאַזיקע אויסגאַבן זאָלן רעגולער אַרויסגיין. איבערגעבן דער יידסעקציע, זי זאָל אַלזייטיק מיטהעלפֿן די רעדאַקציעס אין דעררעאַזיקער אַרבעט.

12) צוזאַמען מיט דעם איז נויטיק אָפּצייכענען די פֿאָלגנדיקע שוואַכע ערטער: א) די יידסעקציע איז נאָך ניט גענוג פֿאַרבונדן מיט דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור און האָט נאָך ניט גענוג באַהערשט די ווײַסרוסישע שפּראַך. ב) ניט אין אַ גענוגנדיקער מאָס ווערט דורכגעפֿירט דער קאַמף מיט די אָפּנייגן פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליניע אין דער ליטעראַטור, ס'איז ניט גענוג געלייגט געוואָרן אַכט אָף דער דערציִונג פֿון די יונגע שרײַבער.

13) אָף ווײַטער איז נויטיק: א) פֿאַרשטאַרקן די אידעיִשע אָנפֿירונג מיט דער יידישער סעקציע מיצאַד דעם בעלאַפּפּ און איר יידישן אַקטיוו, ב) פֿאַנאַנדערוויקלען די דערציִונגס-אַרבעט צווישן די יונגע שרײַבעריִשע קרעפֿטן, ג) לייגן מער אַכט אָף דער דערציִונג און געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט פֿון די קרײַזישע פֿיליעס, פֿאַרגרעסערן די צאָל אַרויספֿאָרן אין דער פּראָווינץ, ד) פֿאַרבינדן די מיטגלידער פֿון דער סעקציע מיט די גרעסערע אונטערנעמונגען.

14) אין די אַלגעמיינע עקסקורסיעס, וואָס דער בעלאַפּפּ אָרגאַניזירט אין די קאָלווירטן און די סאָווירטן און אין די אינדוסטריעלע צענטערן פֿון ב.ס.ס.ר.,—אײַנשליסן אויך די יידישע שרײַבער.

15) אַזוי ווי דער זשורנאַל „שטערן“ איז די גרונט-באַזע פֿאַר דער שעפֿערישער אַנטוויקלונג פֿון דער יידסעקציע בעלאַפּפּ, האַלטן פֿאַר נויטיק פֿאַרברייטערן דעם זשורנאַל און באַזאָרגן, אַז ער זאָל נאָרמאַל דערשײַנען.

איבערגעבן דער פֿאַרוואַלטונג פֿון בעלאַפּפּ שטעלן דיראַזיקע פֿראַגע אין די געהעריקע אָרגאַנען. ווענדן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דער רעדקאָלעגיע פֿון „שטערן“ אַף דעם, אַז עס איז נויטיק רעגולער דרוקן אין זשורנאַל איבערזעצונגען פֿון ווײַסרוסישער ליטעראַטור.

16) די אַנטוויקלונג פֿון דער יידישער קאָמוניסטישער פרעסע אין אַ גאַנצער ריי קאַפּיטאַליסטישע לענדער מיט אַ קאָמפּאַקטער יידישער באַפֿעלקערונג, ווי עס וואַקסט דאָרטן די יידישע רעוואָלוציאָנערע און פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור שטעלט פֿאַר דער ייִדסעקציע פֿון בעלאַפּפּ די אויפֿגאַבע צו בײַטן זיך מיט די מאַטעריאַלן און צו באַלויכטן אין דיראַזיקע אויסגאַבן די בויונג און דאָס לעבן פֿון וו ס.ס.ר. און פֿון גאַנצן פֿאַרבאַנד.

17) דער וווּקס פֿון די קליינבורזשואַ ע ווירקונגען אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור דיקטירט די נויטווענדיקייט צו פֿאַרשטאַרקן דעם קאַמף פֿון דער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור אין אַן איינהייטלעכן פֿראָנט פֿון אַלע יידישע סעקציעס בײַ די פּראָלעטאַרישע שרײַבערישע אָרגאַניזאַציעס: בעלאַפּפּ, ווּסאַפּ און „מאַפּפּ“. איבערגעבן דער פֿאַרוואַלטונג פֿון בעלאַפּפּ שטעלן און פֿאַרטיידיקן דיראַזיקע פֿראַגע אין וואַפּפּ.

18) דער וווּקס אין אַלע געביטן פֿון דער יידישער קולט.ר און קונסט (טעאַטער, אָנשױלעכע קונסט, מוזיק א. ד. גל.), די ווירקונג פֿון דער קליינבירגערלעכער אידעאָלאָגיע אַף דיראַזיקע געביטן רוקט אַרויס די ערשטראַנגיקע אויפֿגאַבע צו אָנהייבן פֿירן אַ קאַמף קעגן דיראַזיקע ווירקונגען און אַנטוויקלען די אַרבעט צו שאַפֿן אַ פּראָלעטאַרישן רעפּערטואַר פֿאַר די דראַמאַטישע קרײַזן, באַאַרבעטן דעם פֿאָלקלאָר, וואָס ווערט אויסגענוצט אין די כאָרן און קרײַזן און שאַפֿן זאַמלונגען פֿון לידער פֿאַר די כאָרן, שאַפֿן סצענאַריען. צוליב דעם איז נויטיק שאַפֿן אַ דראַמאַטישע גרופּע בײַ דער יידישער סעקציע פֿון בעלאַפּפּ און איינשטעלן אַ פֿאַרבינדונג מיט די נאָענטע צום פּראָלעטאַריאַט גרופּן פֿון אָנשױנלעכער קונסט.

19) די פֿאַרבינדונג פֿון די יידישע פּראָלעטאַרישע שרײַבער מיט דער ווײַסרוסישער ליטעראַטור און זייער דערציִונג אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן גייסט שטעלט פֿאַר דער יידישער סעקציע די גרונט-אויפֿגאַבע, אַז אירע מיטגלידער זאָלן זיך אויסלערנען די ווײַסרוסישע שפּראַך.

---

# כ ר א נ ִ י ק.

## ק ו ל ט ו ר

די קאָלעגיע פֿון פֿאָלקאָמבילד פֿון ווסס״ר האָט איינגעשלאָסן אין איר ביוזשעט פֿון 1929-30 יאָר פֿאָלגנדיקע נײַע בילדונג-אַנשטאַלטן: אַן אויספֿאָרש-אינסטיטוט פֿאַר פּעדאַגאָגיק און פּעדאָלאָגיע, אַן אַנטירעליגיעזן אוניווערסיטעט, אַ פּעדאָלאָגישע אָפּטיילונג באַם פּעדפֿאַק פֿון וו. מ. או. (פֿאַר 260 מענטשן), אַ קאָאָפּעראַטיווע אָפּטיילונג באַם „פּראַכוואַז“ פֿון וו. מ. או. (אַף 120 מענטשן) אַ כעמישן פֿאַקולטעט (100 מענטשן), צענטראַלע ראַיאָנישע קורסן פֿאַרן פּאַרטאַקטיוו (60 מענטשן), אַ נײַע יידישע אָפּטיילונג באַם וויטעבסקער אַרבפֿאַק (30 מענטשן), אַ נײַעם אַרבפֿאַק אין האָמעל (100 מענטשן), אַן אַרבפֿאַק אין אָרשע (90 מענטשן) אין באָברויסק (90 מענטשן) אַ פּעדטעכניקום אין רעטשיצע (90 מענטשן) אַ פֿאַרשול-טעכניקום אין מינסק (45 מענטשן). -יאָריקע פּעדאַגאָגישע קורסן אין אָרשע (135 מענטשן), באָברויסק (45 מענטשן), פּאָלאָצק (90 מענטשן) 2ין מאָזיר (45 מענטשן). יאָריקע קורסן אַף 100 מענטשן אין מינסק, וויטעבסק און מאָלעוו. אַ פֿיזקולטור-טעכניקום 45א מענטשן), אַ יידישע אָפּטיילונג באַם וויטעבסקער קונסט-טעכניקום (50 מענטשן), אַ יידישע לאַנדוויטשאַפֿטלעכע שול אין וויטעבסקער קרײַז (40 מענטשן), אַ וואַלד-שול אין וואַסילעוויטש (90 מענטשן), אַ שול פֿאַר וועג-אַרבעטער (80 מענטשן), 2 כעמיקער שולן אין האָמעל און מינסק (איינע אַף יידיש) אַף 80 מענטשן. אַ שול פֿאַר מעדיצינישע שוועסטער אין וויטעבסק (180 מענטשן), צוויי-יאָריקע אָוונטקורסן פֿאַר בוכהאַלטעריע אַף 200 מענטשן. אַ 4 יאָריקע שול אין סלוצק אַף 140 מענטשן און אַן אָוונטיקן אַרבעטער-אוניווערסיטעט אין וויטעבסק (100 מענטשן).

— אין מאָסקווע איז פֿאָרגעקומען אַן אַלפֿאַרבאַנדישע אויסשטעלונג פֿון יידישע וואַנט-צײַטונגען.

בעסאַכאַקל זײַנען אַף דער אויסשטעלונג געווען 168 נומערן פֿון 140 פֿאַרשיידענע וואַנט-צײַטונגען. פֿון זיי: פֿאַבריק-זאַוואָדישע און פּראָפֿאַריינישע 36 (געדרוקטע 10, געשריבענע 26), פֿון אַרבעטער-קלובן 7, פּראָפֿטעכנישע און פֿאַבזאַוושולן 10, קוסטאַרישע 25, פּויערישע 10, שטעטלדיקע 17, פֿון פֿאַרשיידענע לערן-אַנשטאַלטן — 28 און פֿאַרשיידענע („געזערד“, אַנטירעליגיעזע א.א.) 7.

אונדזערע דרײַ הויפּט-רעפּובליקן מיט קאָמפּאַקטע יידישע מאַסן זײַנען אַף דער אויסשטעלונג פֿאַרטראָטן אַזוי: פֿון אוסס״ר זײַנען פֿאַראַן 95 צײַטונגען, ווסס״ר — 28, רספֿס״ר — 14, אומבאַוווּסטע — 3.

אין דער אויסשטעלונג האָבן זיך באַטייליקט 29 קרײַזן, גובערניעס און געגנטן: 17 אוקראַינישע (אָדעסער, אומאַנער, בעלאָצערקווער, בערדיטשעווער, בערדיאַנסקער, דניעפּראָפּעטראָווסקער, וויניצער, זשיטאָמירער, טולטשי-

